Rok I. Kraków, 14 stycznia 1909. — קראקא, כ"א טבת תרס"ט. Nr 1.

# יודישע אילוסטרירטע צייטונג

Żydowska gazeta illustrowana.

Wychodzi każdego czwartku.

Prenumerata wynosi: Rocznie 10 K. — 5 Rbs. Półrocznie 5 K — 2 50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 = 1.50 Rbs.

Pojedynczy egzemplarz 20 h. = 10 Kop.

Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.

Jüdische Illustrierte Zeitung.

ערשיינט יעדען דאנערסטאג.

אבאנאמענטס־פרייז: יעהרליך: 10 קראנען, = 5 רובל. האלביעהריג 5 קראָנען — 2.50 רובל. פירטעל יעהרליך 2.75 קראָנען, = 1,50 רובל.

איינצעלנע נומער 20 העללער = 10 קאפ.

רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראדזקא 62.

הויפטפערטרעטונג פאר רוסלאנד: י. מערעצקי, ווארשא, מיאדאווא נר' 12 פיליע אין לאדז: פרזעיאוד נר' 16.

# ערד־ציטערניש אין איטאליע.



עיד-ציטערניש אין איטאליען: די איינוואָהנער פון מעסינא אנטלויפען אויס דער צערשטערטער שטאָדט.

**אינהאלט:** ערד־ציטערניש אין איטאליען. — קריעג אדער פריעדען. — אטענטאט אויף דעם פראנצויזישען פרעזידענט. — רעוואלוציע אין ווענעזועלא. — דאס טירקישע פארלאמענט. — רויב און מארד. — א ניי מיטעל העגעז שווינדזוכט. — דער ערשטער רוסישער פרויען־קאנגרעס. או. ז. וו. או. ז. וו.

# ערד-ציטערניש אין איטאליען.

אם 28 דעצעמבער 1908 איז אין איטאליען פארגעקומען א ערד-ציטערניש, די שרעקליכסטע און גרעסטע, וואס די וועלט-געשיכטע קען ביז היינט.

די ערד-ציטערניש האט געדויערט קוים עטליכע מינוט, און געפאדערט האט זי איבער 200,000 מענשליכע קרבנות — מעהר ווי די גרעסטע מלחמות אים נייצעהנטען און צוואנציגסטען יאהרהונדערט.

פארגעקומען איז עס אין איטאליען, אויף דער אינזעל סיציליען, דעם קלאסישען לאנד פון ערד-ציטערניש, אבער די גאנצע וועלט פיהלט מיט די איטאליענער דאס שרעקליכע אונגליק, וואס זיינע פאלגען וועלען זיך נאך לאזען מערקען אויף צעהנדליגער יאהרען.

מעסינא, די היסטארישע בעריהמטע שטאדט, וואס האט געצעהלט איבער 150,000 איינוואהנער, איז גאנץ פערניכטעט. א הויפען שטיינער מיט אש; שרעקליך בליהענדע שטעדט, ווי רעדשיא די קאלאבריא, פאלמי א. ז. וו. זענען פערניכטעט. מען וועט זיי שווער קענען נאך אמאל אויפבויען און אויב אפילו יא, וועלען זיי אין דער פריהערינער בליטהע נישט מעהר ענטשטעהען. הונדערט-טויזענדע מענשען וועלען זיך אויף דיעזען געפעהרליכען ווינקעל נישט מעהר בעזעצען.

די שרעקליכע איינצעלהייטען פון דער אונגעהייערער קאטאסטראפע זענען אזוי פורכטבאר, אז נאכקומענדע דורות וועלען האלטען פאר א געוואלטיגער גוזמא, פאר א שרעקליכער איבערטרייבונג, דאס אלעס, וואס מיר האבען געזעהען מיט אייגענע אויגען און געהערט מיט אייגענע אויערן. —

די נאטור שפיעלט זיך נישט מיט די מענשען, זי ארבייטעט אין גרויסען סטיל: ווען זי צולאזט זיך, פאלען מענשען ווי די פליעגען, שטירצען איין פאלעסטע, הייזער, מאנומענטע, היסטארישע דענקמעלער; איהר איז קיין שום זאך הייליג — איהר צערשטערונגס-ארבייט איז גרינדליך.

ווי ביי אלע גרויסע קאטאסטראפען האבען אויך דאסמאל דריי עלעמענטע מיטגעווירקט, דאס אונגליק צו מאכען אונגעהויערליך: ערד-ציטערניש, איבערשווענונג, פייער! מעסינא ליעגט נעמליך ביים ים. און נישט בלויז די ערד האט געציטערט, אויך דער ים האט געקאכט און גערוישט, ווי א זידענדיגער קעסעל. זיינע חוואליעס זענען א-ויף איבער דער יבשה און האבען מיטגעשלעפט די טרימער פון דעם ערד-בעבען; דאצו איז נאך צוגעקומען א שרעקליך פייער, וועלכעס איז ביז היינט נאך נישט אים גאנצען געלעשט, וואס דאס וואסער האט אי-בערגעלאזט, צערשטערט דאס פייער...

און צו אלעם דעם קומען נ[illegible] נייע צרות: די איבערגעבליעבענע שטאדט, ב[illegible] וויין פאר הונגער; די פערוואונדעטע ענדיגען [illegible] לעבען אונטער די שרעקליכסטע קוואלען, ווייל עס איז גאר נישט פאראהאנען געגוג ערצטע, זייערע וואונדען צו היילען; די טויטע פערברייטען א אמת'דיגע פעסט און עס דראהט די שרעקליכסטע מגפה; א ווילד געזינדעל פון רויבער און מערדער קריעכען ארום די חורבות און רויבען וואס זיי קענען...

אלע איינצעלהייטען צו שילדערן איז געראדעצו אונמעגליך, אים נאכשטעהענדען ברענגען מיר די וויכטיגסטע ידיעות וועגען דעם שרעקליכען אונגליק, וואס האט געטראפען איינס פון די שענסטע און הערליכסטע ווינקעליך פון גאט'ס ערד.

דורך דער ערד-ציטערניש זענען איבערגעריסען געווארען די טעלעגראפען-ליניעס כמעט אויפ'ן גאנצען ברעג פון דעם האלב-אינזעל קאלאבריען און פון דעם מזרח-צפונ'דיגען טייל פון דער נאהענטען גרויסען אינזעל סיציליען, און צוליעב דעם זענען די ערשטע ידיעות וועגען דער קאטאסטראפע געווען זעהר שוואכע, און מען האט געמיינט, אז [illegible] האנדעלט זיך וועגען א געוועהנליכע ערד-ציטערניש, וואס איז שוין דארט ניט איינמאל פארגעקומען אין די לעצטע יאהרען, נאר מיט מענשליכע קרבנות. ביסלעכווייז אבער האבען אנגעהויבען אנקומען איוב-נאכריכטען, איינע שרעקליכער פאר די אנדערע, די צאהל טויטע האט אנגעהויבען וואקסען פון איינציגע אויף צעהנדליגער, פון צעהנדליגער אויף הונדערטער, פון הונדערטער אויף טויזענדער. פון טויזענדער אויף צעהן-טויזענדער. אצינד האלט מען שוין ביי 200,000, ווער ווייסט, וואס די לעצטע ציפער וועט זיין!

די ערד-ציטערניש האט זיך געפיהלט מיט א גרעסערער אדער קלענערער קראפט אין די פערשיעדענסטע פונקטען פון דעם האלב-אינזעל קאלאבריען ביז טיעף אויפ'ן אינזעל סיציליען. אם מייסטען געליטען האט די שטאדט מעסינא, וועלכע איז איננאנצען אבגעשניטען געווארען פון דער אומגעגענד. דעם גרעסטען שאדען האבען אנגעמאכט די ים-חוואליעס, וועלכע האבען אויך דערטרונקען עטליכע שיפען. א שרעקליכע פאניק האט ארומגעכאפט די איינוואהנער. פרויען און קינדער זענען ווי משוגע'נע ארומגעלאפען כמעט נאקעט, און די געשריען זענען געגאנגען ביז'ן זיעבטען הימעל. שרעקליכע סצענעס האבען זיך אבגעשפיעלט אין די שפיטאלען און אין די טורמעס. אין שטאדט האט געפלאצט דער גאזאמעטער, און דאס פייער האט זיך צוכושעוועט איבער דער שטאדט. די פאניק איז נאך מעהר פערגרעסערט געווארען דורך דעם שטארקען רעגען, וועלכער האט בעגלייט די ערד-ציטערניש.

ערד-ציטערניש אין איטאליען: קעניג וויקטאר עמאנועל און קעניגען העלענא פון איטאליען, וועלכע האבען זיך אזוי שטארק בעטייליגט ביי דער רעטונג פון די פעראונגליקטע.

די זעלבע שרעקליכע סצענעס האבען זיך אבגעשפיעלט אויך אין קאטאניא. די מענשען זענען ארומגעלאפען אין די גאסען ווי משוגע, האבען געשאלטען, געבעטען און געשטורמט די קירכען און האבען געמאכט א רעליגיעזע פראצעסיע.

די שטאדט באניאגא מיט 10.000 איינוואוינער איז פאלקאם צושטערט געווארען. אויך אנדערע שטעדט און שטעדטלעך זענען טייל צושטערט געווארען, און א טייל אין גאנצען פערשוואונדען געווארען פון דער ערד. זעהר שטארק געליטען האבען די שטעדט סטעפאנאקאני, סאן גרעגאריא, קאנטאצארא, און קלענערע שטעדט אין קאזענצא און רעדשיא. די ערד-ציטערניש איז צו גלייכער צייט געשפירט געווארען אין פאלערמא, פארושיא, ברינדיזי, פלארענץ, פאוויא, נעאפעל און טורין. ווייטער זענען צושטערט געווארען די שטעדט פאלמי, באניארא, פיעטראניעסא, דושיאיא מארא און אנדערע. פון קאניטעלא איז נישט געבליעבען קיין שטיין אויף א שטיין. נעבען קאטאניא העררשט א קאלאסאלע ים-ציטערניש. די גאנצע בליהענדע געגענד ארום דעם ים-קאנאל פון מעסינא איז פערוואנדעלט געווארען אין א גרויסען בית-עולם. גרויסע פאמעראנצען-וועלדער זענען פערניכטעט געווארען, דער דעפוטאט קאלאמשי דערצעהלט וועגען דעם אונטערגאנג פון פאלמי: אפילו די שרעקליכע פאנטאזיע פונ'ם מלאך-המות וואלט זיך נישט געקאנט אויסמאלען דאס שרעקליכע בילד פון דער אומגעקומענער שטאדט. פיעל הייזער זענען אין סאמע מיטען געשפאלטען, אזוי אז מען קאן אריינקוקען אין די אפענע וואוינונגען, וואו די ווענד זענען בעהאנגען מיט הייליגע בילדער. גאנצע שורות הייזער שטעהען איינגעבויגען, ווי זיי וואלטען זיך פאר עמיצען געביקט.

דער שרעק פון די מענשען, וועלכע זענען אויסגעוועקט געווארען פון שלאף דורך דער ערד-ציטערניש איז געוועזען אזוי גרויס, אז זיי זענען אלע ניך פון די בעטען ארויס אויף די גאסען און זיך געלאזט לויפען צום פארט. ווער עס איז אונטערוועגס אומגעפאלען, האט זיך שוין מעהר נישט אויפגעהויבען, ווייל די לויפענדע מאסע האט איהם צוטרעטען, אדער ער איז בעגראבען געווארען דורך די חורבות, בשעת די מענשען זענען געלאפען, האט זיך אויף זיי געשיט שטיינער און באלקענס און זאגאר גאנצע געביידעס. דער ים האט געשריען, ווי טויזענדער ווילדע חיות, וועלכע האבען זיך אבגעריסען פון דער קייט. אין די גאסען איז דאס וואסער געגאנגען ביז צו דער קניע. דער שרעקליכער רעגען, די טיעפע פינסטערניש, די אונגאויפהערליכע דונערן און בליצען, דאס קראכען פון די איינפאלענדע מויערן און דאס צובושעוועטע פייער האבען אונגעהויער פערשטארקט די פאניק. די לויפענדע זענען איינגעשלאסען געווארען דורך די איינגעפאלענע הייזער ווי אין שטיינען, פון וואנען זיי האבען שוין נישט געקאנט ארויסקומען. דער גאנצער גארניזאן מיט אלע קאזארמעס זענען אונטערגעגאנגען. דער קאמענדאנט פון דעם פאנצערשיף, וועלכעס איז אנגעקומען קיין מעסינא אויף די חגאות, איז דערהרגעט געווארען מיט זיין גאנצער פאמיליע. די מענשען, וועלכע זענען אבגעראטעוועט געווארען, זענען געבליעבען אהן מעדיצינישע הילף, ווייל אונטער די חורבות זענען אויך בעגראבען געווארען די דאקטוירים און די אפטייקער.

ערד-ציטערניש אין איטאליען: דער קעניג וויקטאר עמאנועל ביי די פערוואונדעטע פון מעסינא.

ערד־ציטערניש אין איטאליען: די צערשטערטע שטאדט פאלמי.

אלע הערשער פון אייראפא האבען אויסגעדריקט זייער מיטגעפיהל דער איטאליענישער רעגיערונג, און אויסערדעם זענען פון אלע מדינות ארויסגעשיקט געווארען שיפען מיט עסענוואַרג און מיט קליידער פאר דער מאַסע מענשען, וועלכע זענען יעצט געבליעבען אהן א דאך און מוזען וואוינען אין פאלאטקעס.

דער איטאליענישער קעניג וויקטאר עמאנועל האט בעקומען די ידיעה וועגען דעם אומגליק בשעת ער איז געוועזען אויף דער יאגד. ער איז אבגעפאהרען צוזאמען מיט דער קעניגין אויפ'ן ארט פון דער קאטאסטראפע. בשעת ער איז ארייגגעשטיגען אין דעם עקסטרא־צוג, איז צו איהם צוגעגאנגען דער דעפוטאט טשימירי און געזאגט: „מאיעסטעט, אייער אנוועזענהייט וועט בערוהיגען די אונגליקליכע בעפעלקערונג". דער קעניג האט איהם איבערגעריסען די רעד און אויף איהם א געשריי געטהון: „רעדט נישט קיין נארישקייטען!"

דער קעניג וויקטאר־עמאנועל און די קעניגין העלענא האבען ביי זייער אנקומען קיין מעסינא באלד זיך גענומען מיטהעלפען ראטעווען די מענשען. פערשיעדענע פערזאנען זענען מיט זייערע אייגענע הענד ארויסגעצויגען געווארען פון אונטער די חורבות. די קעניגין האט זיך נישט געלאזט אבהאלטען דורך איהרע דיענער, און תאט אזוי לאנג מיטגעארבייט, ביז עס איז איהר געלונגען ארויסצוציהען א שווער פערוואונדעט קליין קינד. דער קעניג איז ארומגעגאנגען אין שטאדט צווישען די חורבות און די מתים. די קעניגין האט בעזוכט די פערוואונדעטע און זיי געטרייסט. אלע, וועלכע זענען דערביי געוועזען, האבען געוויינט. די קעניגין אליין האט זיך נישט געקאנט איינהאלטען און האט מיטגעוויינט. איינמאל איז די קעניגין אזוי שטארק צוזאמענגעדריקט געווארען צווישען פערוואונדעטע, אז מען האט זי שיער נישט דערשטיקט. זי איז שטארק פערלעצט געווארען ביי דער ברוסט. אבער דאס האט זי נישט אבגעהאלטען, צו בלייבען ווייטער אויף דעם פלאץ, און צו פערריכטען איהר רעטונגס־ארבייט. דער קעניג איז אם טיעפסטען געריהרט געוועזען פון דעם שרעקליכען אונגליק. בשעת ער איז דאס ערשטע מאל צוריקגעקומען אין זיין שיף „רעגינא עלענא" האט ער געזאגט מיט טרעהרען צו דער קעניגין:

„דאס אונגליק וועט מען שוין קיינמאל נישט קענען פערלייכטערן. פערלארען זענען געגאנגען אונגעהייערע מענשליכע קרבנות און קינסטלערישע און היסטארישע אוצרות, וואס מען וועט שוין צוריק נים בעקומען פאר קיין געלד אויף דער וועלט. געגען אזא קאטאסטראפע איז יעדע מענשליכע קראפט הילפלאז!"

דער קעניג האט זעהר ענערגיש געארבייט. און האט געגעבען די שטרענגסטע בעפעהלע, מען זאל ארויסשיקען וואס גיכער שיפען, סאלדאטען, דאקטוירים, רפואות. אין פערלויף פון דער וואך האבען זיך אין מעסינא און אין דער אומגעבונג ערנייערט די ערדשטויסע. צוזאמען צעהלט מען ביז היינט בערך 500 ערד־שטויסען.

אין האפען פון מעסינא זענען באלד נאך דער קאטאסטראפע אנגעקומען פראנצויזישע, ענגלישע און רוסישע שיפען. די מאטראזען האבען זיך שטארק בעטהייליגט אין דער רעטונגס־ארבייט.

אין אלע גרויסע אייראפעישע שטעדט האבען זיך געבילדעט רעטונגס־און אונטערשטיצונגס־קאמיטעס. מען שיקט געלד, לעבענסמיטעל, קליידער, ערצטע און מעדיצינען. די וויענער רעטונגס־געזעלשאפט האט אריבערגעשיקט איהרע פעלד־קיכען מיט אמבולאנצען; דער שעף־ארצט דר. כאראס מיט די מייסטע ערצטע זענען מיטגעפאהרען.

די רעטונגס־ארבייטען זענען זעהר שווער; די ערדציטערס כסדר און וואס אמאל שטארצען איין מעהר הייזער פון די איבערגעבליעבענע. אונטער די טרימער הערט מען נאך ביז היינט פערוואונדעטע יעמערליך שרייען, אבער מען קען זיי נישט ראטעווען.

צווישען דער צאהל נאך־געבליבענע געפינען זיך פיעל אזעלכע, וועלכע זענען געבליבען לעבען כמעט דורך נסים. דורך אזא נס למשל איז גערעטעוועט געווארען דער לאמבארדישער בירגערמייסטער בוראט, וועלכער האט זיך אויף זיין רייזע אויפגעהאלטען אין דעם האטעל טרינאקריא. ווען עס איז פארגעקומען די קאטאסטראפע, איז ער צוזאמען מיט אנדערע דייטשע, פראנצויזישע און ענגלישע געסט, וועלכע האבען געגעסען ביים טיש, אראבגעווארפען געווארען אין אבגרונד. ער איז אבער געבליבען הינטען ליגענדיג אזוי, אז ער האט געקאנט ארויסשטעקען א האנד דורך אן עפענונג און רופען צו הילף. אבליגענדיג אזוי 4 שעה איינגעקלעמט, ניכט קאנענדיג זיך א ריהר טהון, ער איז בעמערקט געווארען דורך א יונגעןמאן, וועלכער האט איהם געוואלט ארויסציהען; נאר עס איז פארגעקומען א נייער ערד־שטויס, און דער רעטער איז אנטלאפען. אין א שעה ארום האט מען איהם ארויסגעשלעפט אין א שווערען צושטאנד מיט דער הילף פון עטליכע סאלדאטען.

דער פראפעסאר פון מעדיצין נאבי איז ארויסגעצויגען געווארען פון אונטער די חורבות דורך זיין 12 יעהריגען זוהן.

איין סאלדאט דערצעהלט, אז ער איז געלעגען קראנק אין שפיטאל, בשעת דער פוס־באדען האט זיך געעפענט. און ער איז פון פיערטען שטאק אראבגעפלויגען צוזאמען מיט'ן בעט דורכ'ן דריטען, צווייטען און ערשטען שטאק ביז'ן פארטער, און איז געבליבען ליעגען גאנצ'ן אויפ'ן בעט.

פיעל פון די געראטעוועטע זענען משוגע געווארען. דער בעקאנטער אינזשענער סאאוו בלאנדזשעט ארום אין די גאסען און שרייט: „אין מעסינא איז גאר נישט געשהען, טאקי גאר־נישט. נאר מיין פאמיליע איז טויט".

אין מעסינא און אין רעדושיא האבען די בעטלער צוזאמען מיט רויבער און גנבים, וועלכע זענען דורך דער קאטאסטראפע בעפרייט געווארען פונ'ם קרימינאל, פרובירט ארויסצוציהען זייער גליק פון די חורבות. פון אונגעהויערער העסליכקייט זענען די סצענעס, וועלכע האבען זיך אבגעשפיעלט ביי די דאזיגע רויבערייען. א טייל רויבער האבען זאגאר דערשאסען די פערוואונדעטע, אום זיי צו בערויבען. ביי א סך גנבים האט מען געפונען א גרויסע מענגע געלד און טייערע צירונג. ביי איין רויבער האט מען געפונען 160,000 פראנק. איין מאטראז האט געכאפט א פערברעכער, וועלכער האט געטראגען א זאק מיט טייערע זאכען און 50 טויזענד פראנק געלד. צוליעב די רויבערייען איז אין דער געגענד פון די חורבות איינגעפיהרט קריעגס צושטאנד, און די רויבער ווערען באלד אויפ'ן ארט דערשאסען.

די סצענעס, וועלכע שפיעלען זיך אב ביים פערטיילען ברויט אין קליידער די קרבנות פון דער ערדציטערניש, זענען נישט ווייניגער שוידערליך, ווי יענע שרעקליכע שטונדען, בשעת די ערד האט געציטערט.

ווי ווילדע בעסטיעס, שרייענדיג און קריצענדיג מיט די צעהן, ווארפען זיך די אומגליקליכע, וועלכע זענען האלב משוגע פון הונגער און נויט. און פיהרען א פערצווייפעלטען קאמפף צוליעב א שטיקעל ברויט צו שטילען דעם הונגער. א העמד צוצודעקען זייער נאקטע קערפער. דא ווערט נישט געמאכט קיין אונטערשייד צווישען, אלט אין יונג. מען קוקט נישט אויף קיין קראנקען, אויף קיין קאליקע, ביי וועלכען דאס בלוט גיסט זיך נאך פון די וואונדען. אלע ווערען אהן שום רחמנות אוועקגעשלייערט אן א זייט. און די שטארקע מאכען זיך א וועג מיט דער הילף פון די הענד, פיס און בייסענדיג ווילד מיט צעהן. די סאלדאטען, וועלכע פערטיילען די הילף, מוזען די גאנצע צייט האלטען אויסגעשטרעקט די זעבעלס. די אפיציערען סטראשען מיט רעוואלווערען, כדי צו דערהאלטען א ביסעל די אורדנונג.

פיעל פון די איבערגעבליעבענע זענען משוגע פאר

ערד־ציטערניש אין איטאליען: רוסישע מאטראזען העלפען ראטעווען די פעראונגליקטע.

ערדציטערניש אין איטאליען: איטאליענישע זעלדאטען קאכען עסען פאר די פערונגליקטע.

ש־עק און פערצווייפלונג. די משוגעים־הייזער אין פאלערמא, דער סיציליאנישען הויפט־שטאדט, זענען איבערפילט. צעהנדליגנער מענשען בענעהען זעלבסט־מארה, ווען זיי ווערען געוואהר, וואס עס איז געשעהען מיט זייערע פאמיליעס.

דער דעפוטאט פאנצאנא האט געפונען אויף א שיף זיין ברודער, וועלכען ער האט גערעכענט פאר דער־הרג'עט. דאס האט אויף איהם אזוי שטארק געווירקט, אז מען האט איהם געמוזט אנטהון א משוגעים־העמד.

אויפ'ן שיף „פיעמאנטע" איז געלעגען אויף א מאט־ראז א וואונדערליך שענע יונגע פרוי מיט צובראכענע הענד און פיס און האט מיט א שניידענדער שטימע גע־רופען איהר מאן און איהרע קינדער. דאס איז געווען די פרוי פון דעם פראנצויזישען קאנסול. זי האט נישט גע־וואוסט, אז אלע איהרע ליעבסטע זענען טויט. אזוי האט מען 5 שעה נאכאנאנד געהערט איהר שרעקליך געשריי דורך דעם גאנצען שיף, ביז מען איז אנגעקומען קיין פאלערמא.

איינער לאיאלונא, וועלכער איז געלעגען כמעט וואוסטלאז אויפ'ן שיף „וואשינגטאן", האט, קומענדיג צו זיך, געפרעגט נאך זיין פרוי און קינדער, ווען ער האט געזעהען, אז קיינער קאן איהם נישט זאגען, איז ער אריינ־געשפרונגען אין ים אריין און האט געוואלט צושווימען צו מעסינא.

א מיטגליעד פון פריהערדיגען מיניסטאריען־קאבינעט סולטשי איז דערהרגעט מיט זיין פרוי אין זיין הויז. זיין ברודער, א דעפוטאט האט נישט געוואלט ענטלויפען און האט נאך געארבייט 24 שעה שפעטער, האלב טויט און מיט בלוטענדע הענד, גראבענדיג אין די חורבות, ער האט ערקלערט, אז ער וועט פריהער נישט אוועקגעהן, ביז ער וועט געפונען דעם קערפער פון זיין ברודער.

די וואונדערליך געראטעטע מענשען, וועלכע זענען אבגעפאהרען פון מעסינא, קומענדיג צו זיך, הויבען אן ויך ערשט דערמאנען די פרטים פון דעם, וואס זיי האבען איבערגעלעבט.

דער טורמען־דירעקטאר פון רעדזשיא האט זיך געראטעוועט דערמיט, וואס [illegible] איז אריינגעקראכען אין א שאנק אריין; אזוי איז ער אראבגעפאלען (אין דער שאנק) פון דריטען שטאק אויף די גאס און איז געבלי־בען גאנץ.

אנ'עסט־ייכישער געשעפטס־רייזענדער יוסף נאר־לער פון טריעסט האט געוואלט אריבערפאהרען פון מעסינא קיין רעדזשיא. אין דער מינוט, ווען ער איז אב־געפאהרען אויפ'ן שיף, האט זיך דער ים אנגעהויבען צו ווארפען, און דאס שיף איז מיט אנ'אומגעהויערען קראך אויפגעהויבען און ארויסגעשליידערט געווארען אויפ'ן ברעג. נארלער איז שנעל ארויס פון שיף, און אין רעמועלבען מאמענט איז פארגעקומען א צווייטער ערד־שטוים. און דאס שיף איז שוין געלעגען אין ים צובראכען אויף שטיקלעך. נארלער האט אנגעהויבען לויפען, ווי געטריבען, דורך שדים. אלע מינוט איז ער אריבער איבער טויטע קערפער. ביים וואקזאל האט ער געזעהען א יונגען מאן, וועלכער האט מיט אלע כוחות געשארט אין א גרויסען הויפען חורבות. ענדליך האט ער ארויסגעצויגען א קערפער,

וועלכען [illegible] האט ארומגענומען און אויסגעשריגען „פאטער!" נאר דער פאטער איז שוין געווען טויט. זעהענדיג, אז ער איז טויט, האט דער יונגערמאן אנידערגעלעגט דעם קער־פער און האט זיך אנגעהויבען קלאפען מיט'ן קאפ אין א מויער, ביז ער איז אנידערגעפאלען מיט א צובראכע־נעם שארבען.

א קאפיטאן פון א דאמפף־שיף, וואס איז צופעליג געווען אין מעסינא, שילדערט דאס וואס ער האט אליין געזעהען און וואס עס האבען איהם דערצעהלט די ענטלאפענע, וועלכע האבען קוים געקאנט זיך אבראטעווען דאס לעבען. דאס דאמפף־שיף איז געשטאנען אין פארט פון מעסינא, ווען עס האבען זיך דערהערט גאנץ פריה 3 ערד־שטויסען, איינער נאכ'ן אנדער'ן מיט אזא קראפט, אז [illegible] האט אנגעהויבען פורכטבאר צו שליידערן דאס שיף אהין און צוריק.

ווען די דערשראקענע מאטראסען זענען ארויסגע־לאפען אויף דעם דעק, האבען זיי דערזעהען, ווי א אומ־געהויערע ים־חוואליע האט זיך א ווארף געטהון אויף די שטאדט מעסינא. און די שטאדט זעלבסט האט שוין אויסגעזעהען ווי א ריעזיגע חורבה, וועלכע די פלאמען האבען ארומגענומען פון אלע זייטען. דער פארט פון מעסינא איז געווען פול געפאקט מיט מענשען, וועלכע זענען געגאנגען אין וואסער און זיך געוואלט ראטעווען אויף די שיפען, נאר א קליינער צאהל איז געלונגען זיך

צו דערשלאגען צו א פאר שיפלעך און מיט זייער הילף זיך צו ראטעווען אויף די דאמפף־שיפען. אויסער אין דעם דאמפף־שיף האבען אויך אנדערע דאמפף־שיפען אויפגע־נומען מענשען און באלד פערלאזט דעם פארט. אלע מענשען זענען געווען אזוי דורש־אקען, אז זיי האבען נישט מעהר געהאט ווי איין פערלאנג, וואס שנעלער צו פערלאזען דעם א־ט פון דער קאטאסטראפע. די אל־געמיינע פאניק איז נאך פערגרעסערט געווארען דורך דער פינסטערניש (דען עס איז נאך געווען נאכט) און דורך דעם שטארקען רעגען.

אנ'אלטע פרוי דערצעהלט, אז דורך די שטארקע ערדשטויסען איז זי ארויסגעווארפען געווארען פון איהר בעט ארויס און אראבגעפאלען צוזאמען מיט'ן גאנצען אויבערשטען שטאק פונ'ם הויז, נאר עפעס דורך א וואונ־דער איז זי געבליבען לעבען.

טויזענדע פון די פערלעצטע האט מען געבראכט קיין פאלערמא, דער הויפטשטאדט פון סיציליען, אבער די דא־טיגע שפיטעלער זענען באלד געווען איבערפולט און מען האט געמוזט ווייטער טויזענדע פערוואונדעטע ברענגען קיין רוים אין די שפיטעלער אריין.

דארט האט זיך ערייגנעט א אינטערעסאנטער פאל. דער שטאטס־סעקרעטער פונ'ם פאפסט, קארדינאל מערי־דעל־וואל, איז געקומען אין הויפטשטעדטישען שפיטאל בעזוכען די פערוואונדעטע. ער האט דא־ט געטראפען דעם בירגערמייסטער פון רוים, נאטאן. נאטאן איז א יוד און א פיהרער פון די פריימויערער און ווען ער איז גע־וועהלט געווארען צום בירגערמייסטער האבען די קלערי־קאלען שטא־ק געשימפפט, וואס די הייליגע שטאדט רוים איז אזוי ט־פה געווארען... ווען מען האט דעם קאר־דינאל פארגעשטעלט דעם בירגערמייסטער, זענען ב..דע געבליעבען שטעהן איבערראשט, נישט וויסענדיג, ווי אזוי זיך גוהג צו זיין, אבער באלד האבען זיי זיך געפאסט און איינאנדער הערצליך בעגריסט. דאס גרויסע אונגליק פעראייניגט אלע הערצער, יוד און קארדינאל בעטהייליגען זיך אין דער פפלעגע פון די אונגליקליכע.

דער פאפסט, ווי נאר ער האט בעקומען די ערשטע ידיעה וועגען דער קאטאסט־אפע אין סיציליען, האט גלייך געוואלט אהין אוועקפאהרען. די קארדינאלען און לייב־ערצטע האבען איהם אבער אבגעהאלטען דערפון, ערקלערענדיג איהם, אז אזא רייזע איז זעהר געפעהרליך פאר זיין געזונד.

* *

צוערשט איז געווען דער פלאן, די שטאדט מעסינא נישט ווייטער אויפצובויען, ווייל די געגענד איז שטארק

אטענטאט אויף דעם פראנצעזישען פרעזידענט: אויף א שפאציערגאנג ווערד פרעזידענט פאלליער איבערפאלען פון דעם קעלנער מאטהיס.



קריעג אדער פריעדען: די זיצונג פון דער סערבישער סקופשטינע, אין וועלכער מיניסטער מילאוואנאוויטש האלט איין אויפרייצענדע רעדע.

נעפֿעהרליך און עס קומט דארט אָפֿט פֿאָר ערד־ציטערני־שען. שפּעטער אָבער האט מען נעפּאסט דעם בעשלוס. די שטאדט וויעדער אויפצובויען.

לעצטען פֿרייטאג האט זיך פֿערזאמעלט דאס איטאליענישע פּארלאמענט צו א זיצונג. דער פּרעזידענט האט געהאלטען א שטארק ערגרייפענדען הספד פאר די קרבנות פֿון דער קאטאסטראפע און האט געדאנקט דעם קעניגספּאאר ווי אויך דער גאנצען וועלט פֿאר זייער הילפע אין דיעזער טרויעריגער שעה.

דער מיניסטער־פּרעזידענט האט פֿארגעלעגט א געזעץ, אז מעסינא און רעדזשיא זאלען וויעדער אויפגעבויט ווערען אויף קאסטען פֿון דער רעגיערונג. צו דעם צוועק זאלען ווערען פֿערווענדעט די סומען, וועלכע זענען גע־בליעבען פֿון דעם בודשעט פֿון די לעצטע 2 יאָהר, בערך 60—70 מיליאן לירא. אויך זאל ווערען איינגעפֿיהרט א שפּעציעלער צושלאג פֿון 5 פּראָצענט צו אלע שטייערן, וואָס זיינע הכנסות (בערך 30 מיליאן לירא יעהרליך) זאלען געהען אויף אויפצובויען די צערשטערטע שטעדט. צוזאמען איז דאצו נייטהיג א סומע פֿון 600 מיליאן לירא.

אונזערע היינטיגע אילוסטראציעס ברענגען דאס בילד פֿון דעם איטאליענישען קעניגספּאאר. וואס האט זיך אזוי שטארק בעטהייליגט אין דער רעטונג פֿון די אונגליקליכע. אויך עטליכע אילוסטראציעס פֿון די צערשטערטע שטעדט. וויטערע בעריכטע און אילוסטראציעס וועלען מיר ברענ־גען אין די קומענדע נומער.

# קריעג אדער פריעדען?

זייט עטליכע חדשים קאָכט און זידט עס אויף דעם באלקאן ווי אין א זידענדיגען קעסעל. דורך דער איינפיהרונג פֿון דער קאנסטיטוציע אין דער טירקיי האט עסטערייך־אונגארן געפֿונען פאר נייטהיג, צו ערקלערען, אז די ביידע טירקישע לענדער, באסניען און הערצעגאָווינא, וועלכע עסטערייך־אונגארן האט לויט דעם בער־לינער קאנגרעס פֿון יאהר 1878 געהאלטען בעזעצט, ווערען אצינד אנעקטירט. דאס הייסט צוגענומען אין גאנצען פֿון עסטערייך־אונגארן. דיעזער שריט האט אין ערשטער ליניע שטארק אויפגערעגט די טירקיי. און ווייל זי איז צו שוואך, אקעגען דעם צו פֿיהרען א קריעג, פֿיהרען די טירקען א ווירטהשאפֿטליכען קאמפֿף קעגען עסטערייך־אונגארן, בּאיקאטירענדיג די סחורות וואס קומען פֿון דארט. עסטערייך־אונגארן פֿערהאנדעלט אבער מיט דער טירקיי וועגען א פּשרה, ווי אזוי די זאך אויסצוגלייכען און עס איז פֿאראהאנען האפֿנונג, אז עס וועט באלד קומען צו א ניטליכען פֿערגלייך.

דאגעגען האבען זיך סערביען און מאנטענעגרא גע־פֿיהלט דורך דער „אנעקטירונג" שטארק פֿערלעצט. און באסניען־הערצעגאָווינא וואוהנען צומייסט סערבען און די ביידע קליינע באלקאן־שטאאטען האבען תמיד געהאפֿט, אז ווי וועלען זיך אמאל מיט דיעזע לענדער טהיילען. כל־זמן די לענדער האבען געהער־ט צו דער שוואכער טירקיי, איז אויך געווען א שטיקעל האפֿנונג. ווען עס האט זיי אבער צוגענומען אזא מלוכה ווי עסטערייך־אונגארן, איז שוין בדרך הטבע אזא האפֿנונג נישט פֿאר־האנען און די ביידע לענדליך שרייען און געוואלדעווען מיט אלע כחות.

זיי ווערען אויך אויפגעהעצט פֿון ענגלאנד. וועל־כעס וויל זיך נוקם זיין אין עסטערייך־אונגארן דאפֿאר, וואָס עס האט זיך נישט געוואלט אנשליעסען מיט ענג־לאנד קעגען דייטשלאנד. די גרעסטע האפֿנונג אבער האבען די סערבען געזעצט אויף רוסלאנד. אז עס וועט זיי אונטערשטיצען. א צייט לאנג איז אויך די לאגע געווען שטארק געפֿעהרליך. מען האט געשמאכען פֿון א בעפֿארשטעהענדען קריעג ווי פֿון א זיכערער זאך.

אבער ווייטערעס דער רוסישער מיניסטער דעם אייסערען, איזוואלסקי, האט עפֿענטליך ערקלער־ט אין דער דומא, אז רוסלאנד האט שוין מיט 30 יאהר צוריק צו־געשטימט, עסטערייך־אונגארן זאל באסניען־הערצעגאָ־ווינא איס גאנצען צונעמען און עס קען אצינד דאגעגען נישט פּראָטעסטירען. העכסטענס פֿערלאנגען, די זאך זאל פֿארגעלייגט ווער־ען פֿאר א קאָנפֿערענץ פֿון אלע אייראפּעאישע מלוכות. און ווייטערעס אויך איטאליען איז דורך דעם שרעקליכען ערדציטערניש פֿערנומען און קען די סערבען נאר נישט העלפֿען — איז זייער לאגע גע־וואָרען א פֿערצווייפֿעלטע און זיי ווילען דורכאויס רייצען עסטערייך־אונגארן צו א קריעג אין דער האפֿנונג, אז דעמאלט וועט מען זיך שוין מוזען פֿאר זיי אננעמען.

צו דעם צוועק האט דער סערבישער מיניסטער דעם אייסערן מילאָוואנאוויטש די טעג געהאלטען אין דער סערבישער סקופּשטינא (פּארלאמענט) א פֿייערדיגע רעדע פֿול מיט בעליידיגונגען און בעשימפּפֿונגען געגען עסטערייך־אונגארן, כדי עס צו רייצען.

אָבער זיין פּלאן איז איהם אויך דאסמאל נישט געלונגען. עסטערייך־אונגארן האט סערביען נישט ער־קלערט דעם קריעג, נאר האט פֿערלאנגט, דער מיניסטער זאל זיינע בעליידיגונגען צוריקרופֿען און מילאוואנא־וויטש האָט טאקי אזוי געטהון. ער האט ערקלערט, אז זיין רעדע איז אין די צייטונגען נישט ריכטיג אפּגע־דרוקט געוואָרען און אז ער האט נישט געהאט די כונה, עסטערייך־אונגארן צו בעליידיגען.

דאמיט איז דער צווישענפֿאל ערלעדיגט. סערביען רייסט זיך אָבער נאך ווייטער צום קריעג און די געפֿאהר איז נאך נישט אום גאנצען פֿערשוואונדען.

אין אונזער היינטיגער נומער ברענגען מיר דאס בילד פֿון דעם רוסישען מיניסטער דעם אייסערן איזוואלסקי, וואס זיין רעדע האט אזא גרויסען רושם געמאכט; און א אילוס־טראציע איבער דער זיצונג פֿון דער סערבישען סקופּשטינא. אין וועלכער מילאוואנאוויטש האט געהאלטען זיין רעדע.



רויב און מארד: דער ריענער קערן איבערפֿאלט דאס פּאסטאמט און שטוהלווייסענבורג.



קריעג אדער פריעדען: דער רוסישע מיניסטער דעם אייסערן איזוואלסקי, וואס זיין רעדע אין דער דומא וועגען באסניען האט געמאכט א גרויסען איינדרוק.

# דאס טירקישע פארלאמענט.

דאס יונגסטע אייראפעאישע פארלאמענט, דאס טירקישע, האט שוין אנגעהויבען זיין ארבייט און שוין די ערשטע זיצונגען האבען ארויסגעוויזען, אז די טירקישע בעפעלקערונג איז טאקי באמת פעהיג צו א קאנסטיטוציאנעלער רעגירונג.

די בעראטהונגען ווערען געפיהרט אין מוסטערהאפטער ארדנונג; די מייסטע רעדנער שפרעכען צו דער זאך און פאסען זיך בקצור. די פארטייפערהעלטניסע זענען נאך נישט גאנץ קלאר. מיט דער צייט וועט זיך זיכער בעמערקבאר מאכען די געגנערשאפט צווישען די טירקען און די אנדערע נאציאנאלע גרופען, ווי גריעכען, ארמעניער, בולגארען. אויך צווישען די יונגטירקען און די אראבער וועט זיך ארויסשטעלען פיעל אונאייניגקייט אין וויכטיגע פראגען. לעת־עתה אבער איז אלעס רוהיג און די ערשטע זיצונגען זענען אריבער בשלום.



דאס טירקישע פארלאמענט: דער פרעזידענט פון פארלאמענט אחמעד ריצא־ביי (רעכטס) און דער פרעזידענט פון סענאט סאיד־פאשא.

דער סולטאן האט דאס פארלאמענט בעגריסט מיט א טראנרעדע, וועלכע זיין ערשטער סעקרעטער האט פארלעזען. א שטיקעל אויפרעגונג איז געווארען ארויסגערופען דורך דעם, וואס דער סולטאן האט נישט עפענטליך געשווארען, אז ער וועט האלטען די קאנסטיטוציע. אבער דאס פארלאמענט איז בערוהיגט געווארען דאמיט, אז דער סולטאן האט שוין געשווארען פאר דעם שייך־איל־איסלאם (דעם העכסטען מאהאמעדאנישען גייסטליכען), אז ער וועט טריי האלטען די קאנסטיטוציע.

פאר עטליכע טעג האט דער סולטאן איינגעלאדען אלע דעפוטירטע צו זיך אויף א סעודה, און נאך דעם עסען האט ער זיך מיט פיעל דעפוטירטע אונטערהאלטען.

צום פרעזידענט פון דער דעפוטירטען־קאמער איז ערנאנט געווארען אחמעד־ריצא־ביי, דער פיהרער פון די יונגטירקען, דעריעניגע, וואס האט דעם גרעסטען אנטהייל אין דער וויעדערהערשטעלונג פון דער קאנסטיטוציע. פרעזידענט פון סענאט (אויבערער קאמער) איז דער אלטער פאליטיקער סאיד־פאשא, וועלכער איז געוועזען גראס־וועזיער (ערשטער מיניסטער) אים פערגאנגענעם זומער און וואס אויף זיין עצה האט דער סולטאן ערנייערט די קאנסטיטוציע.

צום טירקישען פארלאמענט זענען אויך געוועהלט 4 יודישע דעפוטירטע, איינער פון זיי איז געווארען סעקרעטער פון פארלאמענט. אויך אים סענאט זיצט איין יוד, בכור עפענדי אשכנזי. ער איז יאהרעלאנג געוועזען פרעזידענט פון דער יודישער געמיינדע אין קאנסטאנטינאפעל, איז א גרויסער תלמיד־חכם און לערנט טאג־טעגליך אין בית־המדרש גמרא, מורה־נבוכים ודומה.

דער יודישער דעפוטאט פון קאנסטאנטינאפעל וויטאלי פאראנגי עפענדי (וואס מיר ברענגען זיין בילד אין היינטיגער נומער) איז בעקאנט אלס יודישער כלל־טהוער זייט פיעלע יאהרען. ער איז אדוואקאט און רעכטס־קאנזולענט פון דער קאיזערליכער טאבאק־פערוואלטונג. געבוירען אים יאהר 1852 אין סערעס, האט ער א צייט לאנג געוואוהנט אין סאלאניק און זייט דעם יאהר 1892 וואוהנט ער אין קאנסטאנטינאפעל. איבעראל האט ער זיך שטארק פעראינטערעסירט אין יודישע ענינים.

אין אונזער היינטיגער נומער ברענגען מיר די בילדער פון ביידע פרעזידענטען אחמעד־ריצא־ביי און סאיד־פאשא און דאס בילד פון דעם יודישען דעפוטירטען פון קאנסטאנטינאפעל.

דאס טירקישע פארלאמענט: דער יודישער דעפוטירטער פון קאנסטאנטינאפעל וויטאלי פאראנגי־עפענדי.

## אטענטאט אויף דעם פראנצויזישען פרעזידענט.

די קלעריקאלען אין פראנקרייך קענען זיך נישט בערוהיגען. זייט דער דרייפוס־אפערע, ווען דאס גאנצע פראנצויזישע פאלק האט דערקענט, ווער עס זענען די מאכערס וואס רייטען אויף איהם ארום און וועלכע פאלשהייטען און בעטריגערייען זיי בעגעהען, האט עס זיך פון זיי אבגעווענדט און זייט דעמאלט האבען די פרייהייטליכע, ראדיקאלע פארטייען איבערגענומען די ממשלה. אלע תחבולות, אלע שפעקולאציעס פון די קלעריקאלען העלפען זיי נישט; אלע אינטריגעס פועל'ן גאר נישט; ביי אלע וואהלען זיעגען די פרייהייטליכע, און וועהרענד פריהער האט זיך קיין פראנצויזישעס מיניסטעריום געקענט האלטען מעהר ווי עטליכע חדשים, דויערן אצינד די פרייזיניגע רעגירונגען יאהרעלאנג.

דער האס פון די קלעריקאלען איז איבערדעם גאר גרויס און זיי גרייפען ביי געוויסע געלעגענהייטען צו טערראריסטישע מיטלען, כדי די רעגירענדע קרייזע איינצושיכטערן.

אזא פאל האט זיך אויך עראייגנעט פאר קורצער צייט אין פאריז. ווען דער פרעזידענט פון דער רעפובליק, פאלליער, איז געגאנגען שפאצירען מיט זיין גענעראל־סעקרעטער ראמאנדען און דעם אפיציר לאססאן, איז איהם פלוצים אויף דעם פלאץ „דע עטאאלי" איבערגעפאלען דער קעלנער לעאן מאטהיעס און האט איהם אנגעהויבען ווארגען ביים האלז. די בעגלייטער פון דעם פרעזידענט האבען אבער דעם איבערפאלער אוועקגעריסען און געלאזט איינשפערען.

לויט די פאפירען, וואס מען האט ביי איהם געפונען און לויט זיין אייגענער אויסזאגע, איז מאטהיעס א מיטגליעד פון דער קלעריקאלער ארגאניזאציע, וועלכע ווילען אומשטירצען די רעפובליק און דער איבערפאל איז געשעהן גוט איבערגעלעגט און די אבזיכט איז געוועזען, דורך דעם איבערפאל אויסצורופען א פערווירונג אין פראנקרייך.

דער פלאן איז אבער נישט געלונגען. דער פרעזידענט האט צוואר ערליטען א פערלעצונג ביים רעכטען אויער, אבער ער האט זיך דארויס גאר נישט געמאכט און איז ווייטער געגאנגען זיין וועג.

עטליכע טעג שפעטער האט מען אויך פראבירט אן אטענטאט אויף דעם פראנצויזישען מיניסטער־פרעזידענט קלעמענסאה. ווען ער איז געזעסען נעבען אבענד אין זיין ביוראָ, האט א אונבעקאנטער מאן ארייננעשאסען דורך דעם פענסטער עטליכע רעוואלווער־קוגלען. צום גליק איז דעם מיניסטער גאר נישט געשעהן; דער אטענטעטער איז געווארען פערהאפטעט. עס האנדעלט זיך דא וועגען א פריוואט־ראכע־אקט פון א ענטלאסענעם בעאמטען.

אונזער היינטיג בילד שטעלט פאר דעם מאמענט, ווען מאטהיעס איבערפאלט פלוצים דעם אהנונגסלאזען פרעזידענט פאלליער.

---

# רעוואלוציע אין ווענעזועלא.

אין דער קליינער אמעריקאנישער רעפובליק ווענעזועלא איז שטילערהייד דורכגעפיהרט געווארען א קליינע רעוואלוציע, וועלכע עס בעגריסען מיט צופריעדענהייט נישט בלויז די דארטיגע בעוואהנער, נאר אויך די גאנצע וועלט. דער דארטיגע פרעזידענט ציפריאנא קאסטרא, א געוועזענער בויער, וועלכער האט זיך מיט געוואלט געמאכט צום דיקטאטאר פון דער רעפובליק און האט זייט עטליכע יאהר פאסט מיט אלע אייראפעאישע מלוכות דערטשעפעט, האט זיך פלוצים געפיהלט קראנק און איז געפאהרען קיין בערלין צום פראפעסאר איזראעל (א יוד), ער זאל איהם מאכען א אפעראציע. דערוויל האט זיך דער וויצע־פרעזידענט גאמעץ ארויפגעכאפט אויף דעם בענקיל און קאסטרא איז ערקלערט געווארען אלס אבגעזעצט. מען קלאגט איהם אויך אן, אז ער האט דורך די עטליכע יאהר פון זיין הערשאפט די רעגירונגס־קאסא גאנץ אנשטענדיג געפלינדערט און זיך געמאכט א פערמעגען פון 50 מיליאן פראנק.



רעוואלוציע אין ווענעזועלא: דער געוועזענער פרעזידענט קאסטרא (לינקס) און דער נייער פרעזידענט גאמעץ.

קאסטרא שווייגט דערוויל. ער זאגט אז נאך דער אפעראציע וועט ער צוריקפאהרען א היים. עס זעהט אבער אויס, אז ער וועט ליעבער בלייבען אין אייראפא און זיך אברוהען נאך די „שווערע יאהרען פון זיין רעגירונג.

אין אבגעארבייטעט האט ער זיך טאקי באמת. ער איז געוועזען א „ידו בכל ויד כל בו". מיט אלע מלוכות האט ער דערטשעפעט, ער האט בשום אופן נישט געוואלט צאהלען די חובות, וועלכע די רעפובליק איז שולדיג געוועזען ביי פאריזער, לאנדאנער, בערלינער באנקירען, און עטליכע מאל איז עס געקומען דאצו, אז די אייראפעאישע שטאאטען האבען געשיקט קריעגסשיפען קיין ווענעצועלא און האבען געדראהט, די הויפט־שטאדט קאראקאס צו באמבארדירען. דעמאלט האבען זיך די



א נייע ערפינדונג געגען שווינדזוכט: דער ערפינדער אלעקסאנדער מארמארעק אין זיין שטודיר-צימער.

פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא אריינגעלייגט אין שלום און געמאכט איין אויסגלייך — קאסטרא האט פון די חובות א היבש ביסעל געלד אבגעצוויקט.

אין לעצטער צייט האט ער ווידער ארויסגערופען א קאנפליקט מיט פראנקרייך און מיט האלאנד. מען האט שוין דעפון גערעדט, אז ווענעזועלא וועט ערקלערען האלאנד דעם קריעג. קאסטרא מוז אבער האבען איינגעזעהן, אז איצנד וועט זיך קיינער פאר איהם נישט אננעהמען, און האט געמאכט א „ויברח" אין דעם „פערהאסטען אייראפא".

מערקווירדיג איז, אז דער וויצע-פרעזידענט גאמעץ האט זיין שטעלונג נאר צו פערדאנקען קאסטרא. ער האט איהם דאס געמאכט צום וויצע-פרעזידענט קעגען ווילען פונ'ם פאלק, איצנד צאהלט ער איהם אב דעם „דאנק", וואס ער האט ביי איהם צוגענומען דאס בענקיל.

אויף אונזער היינטיגער אילוסטראציע זעהט צו זעהען די ביידע חברים, קאסטרא און גאמעץ.

# רויב און מארד.

אין שטוהלווייסענבורג, אונגארן, האט זיך פארינגע וואך עראייגנעט א שרעקליכער רויב אויף דעם ראטינגען פאסטאמט. דאסזעלבע געפינט זיך נעבען דעם באהנהאף און איז טאג ווי נאכט אפען. פאריגען זאמסטאג אבענדס האבען צוויי בעאמטע, קים און שמידט, געהאט נאכט-דיענסט. מיט זיי זענען אויך געווען צוויי דיענער, בערעני און שאיקא. נאך מיטערנאכט קומט אן א גרויסער פאסט-צוג און דערנאך האבען שוין די בעאמטען ביז געגען 5 א זייגער אין פריה רוהע.

געגען האלב 2 א זייגער, נאכדעם ווי די בעאמטען האבען ערלעדיגט די לעצטע פאסט און זיך געוואלט לעגען שלאפען, איז פלוצים אריינגעקומען א פערמאסקירטע געשטאלט. האלטענדיג אין ביידע הענד געלאדענע רעוואלווער. אויסערדעם האט ער געטראגען אויף דעם אקסעל א גרויסע קאוואלעריע-ביקס. „גיבט הער דאס געלד אדער איך שיעס אייך תיכף!" האט דער פרעמדער גערופען. די בעאמטען זענען אזוי דערשראקען געווארען, אז זיי האבען נישט געוואגט צו ווידערשטעהן און שמידט האט איהם איבערגעגעבען די קאסע, ענטהאלטענד 23 געלדבריעפע מיט צוזאמען 58 טויזענד קראנען. דער רויבער האט דאס געלד רוהיג אין א לעדערנער טאשע בעהאלטען און פערלאנגט ווייטער מען זאל אויך די גרויסע פייער קאסע עפענען, זאגענדיג צו די דערשראקענע בעאמטען: „איהר וועט אומזיסט רופען, איך צו וועהרען, דאס גאנצע הויז איז ארומגערינגעלט פון מיינע לייט און קיין מענש ווייסט, וואס עס טהוט זיך דא".

דער בעאמטע ערקלערט איהם, אז ער האט נישט די שליסעל צו דער גרויסער קאסע, אלס אנטווארט דארויף האט דער רויבער אויסגעשאסען און קים איז תיכף געבליעבען טויט. די אנדערע דריי פערזאנען זענען האלב טויט פאר שרעק אנטלאפען אין דעם צווייטען צימער אריין, וואוהין דער רויבער איז זיי נאכגעלאפען, ווייטער שיעסענדיג. שמידט האט זיך בעהאלטען אינטער א בעט, די צוויי דיענער געבען אויוועק. דער דיענער בערעני פאסט פלוצים מוטה און שפרינגט צו אויף דעם רויבער, אבער ער ווערד געטראפען פון א קוגעל אין די רעכטע פלייצע און זיינע קליידער הייבען אן צו ברענען. ער האט אבער נאך אזוי פיעל מוטה, זיך אויף דעם רויבער צו שטירצען און איהם אניעדער צוואפען אויף'ן בעט. דיעזען מאמענט בענוצט דער צווייטער דיענער, שאיקא, זיין חבר צו קומען צו הילף. מיט אלע כחות וואפען זיי זיך אויף דעם רייבער און בעארבייטען איהם מיט די פויסטען. ער שיעסט נאך דריי מאל אויס און טרעפט בערעני אויך אין די לינקע פלייצע, אבער דערווייל איז עס שאיקא געלונגען, ביי איהם דעם גרויסען רעוואלווער ארויסצודרייען. מיט דעם אייזערנעם גריף שלאגט שאיקא אזוי לאנג אויף דעם רייבערים קאפ, ביז ער צערקלאפט איהם דעם שערעל און דאס געהירן שפריצט ארוים. אין עטליכע מינוט ארום איז דער רייבער טוידט.

אצינד בעראטען זיך שמידט און די דיענער, וואס עס איז צו טהון, טאמער שטעהען טאקי אין דרויסען די חברים פון דעם רייבער. רעמילט פאלט בערעני אויף א שפעקולאציע, פונ'ם פאסטאמט צו טעלעגראפירען קיין בודאפעסט צום צענטראלטעלעגראפענאמט, עס זאל טעלעגראפיש מודיע זיין די פאליציי אין שטוהלווייסענבורג, וואס עס איז דא געשעהן. אין א האלבע שעה ארום איז אויך שוין די שטוהלווייסענבורגער פאליציי געווען ביים פאסטאמט און עס האט זיך ארויסגעשטעלט, אז דער רייבער האט דעם געפעהרליכען איבערפאל פעראיבט אליין אהן חברים. רעמילט ערשט האבען זיך די פאר שרעק האלב טויטע בעאמטען בערוהיגט. דער פערלעצטע בערעני איז איבערגעפיהרט געווארען אין שפיטאל. דער בעאמטע קים און דער רייבער זענען שוין געווען טויט.

אין דער פריה איז זיך די גאנצע שטאדט צונויפגעלאפען, הערענדיג פון דעם שרעקליכען פערברעכען, אין רעמילט האט מען אויך דעם רייבער דערקענט. עס איז דאס געווען דער דיענער פון דער שטוהלווייסענבורגער בעסערונגס-אנשטאלט, סטעפאן קערן. ביי א אינטערזוכונג אין זיין וואוהנונג האט מען געפונען 16 שטיק רעוואלווער, פיעל פאטראנען און אנדערע פערברעכער-ווערקצייגע. עס האט זיך ארויסגעשטעלט, אז קערן האט שוין אויך אנדערע מערדעריען פעראיבט.

זיין פרוי איז פערהאפטעט געווארען, ווייל עס איז דא דער פערדאכט, אז זי האט פון אלעם געוואוסט און איז ביי די רויבעריען געווען בעטהייליגט.

אונזער היינטיגע אילוסטראציע שטעלט פאר, ווי קערן איבערפאלט די בעאמטען, און ווי ער בעקומט זיין פסק פון די מוטהיגע דיענער, ליגענדיג אויף'ן בעט.

# א ניי מיטעל געגען שווינדזוכט.

אונגעצעהלינ זענען די קרבנות, וועלכע די שווינדזוכט רויבט אוועק יעדעס יאהר. די סטאטיסטיק פון דער גאנצער וועלט ווייזט אוים, אז צומייסט שטארבען מענשען פון שווינדזוכט. צו דיעזער קראנקהייט העלפט קיין מעדיצין, קיין דאקטאר, צו וועמען זי האט זיך אריינגעחאפט, דער איז פערלוירען.

דיעזע קראנקהייט איז נאך געפעהרליכער, ווייל זי איז אנשטעקענד, דאס הייסט זי פערערבט זיך, זי געהט איבער פון די עלטערן אויף די קינדער און קינדסקינדער ביז אין די שפעטעסטע דורות.

איבערדעם אויך פערפאלגט די גאנצע וועלט מיט דעם גרעסטען אינטערעס די ענטדעקונגען, וועלכע ווערען אויף דעם פעלד געמאכט, כדי דיעזע געפעהרליכע מענשליכע פלאגע צו מאכען אונשעדליך.

ביז היינט איז דאס נאך נישט געלונגען. דער בערלינער פראפעסאר דר. קאך האט שוין פאר א צעהנדלינג יאהרען ענטדעקט דעם באצילוס פון דער טובערקולאזע, אבער זיין ערפינדונג איז נאך נישט געווען פאלקאמען, זי זאל ברענגען די ישועה. די ענטדעקונג פונ'ם באצילוס אליין איז נאך נישט גענוג, עס איז אויך



דער ערשטער רוסישער פרויען-קאנגרעס: א זיצונג פונ'ם קאנגרעס



ערדציטערניש אין איטאליען: פאנאראמא פון מעסינא מיט אנזיכט פון האפען און, בו זעג.

נויטהיג צו געפונען די מיטעל ווי אזוי די קראנקהייט צו היילען, ווען די באצילען האבען זיך שוין פעסטגעזעצט אין דעם מענשליכען קערפער.

אצינד וועט די וועלט מיט פריידע בעגריסען א נייע ענטדעקונג אויף דיעזען געביעט, וועלכע איז געמאכט געווארען פון א יונגען יודישען פראפעסאר אין פאריז, דעם תלמיד פון בעריהמטען פאסטעהר, דר. אלעקסאנדער מארמארעק. דר. מארמארעק איז דעם יודישען לעזע־פובליקום אויך בעקאנט אלס פיהרער פון דער ציוניסטישער פארטיי און געוועזענעם מיטגליעד פון ציוניסטישען אקציאנס־קאמיטע. ער האט שוין פריהער ענטדעקט דאס אנטי־טובערקולאזע־זערום, א היילמיטעל געגען שווינדזוכט; אצינד האט ער אויך ענטדעקט א נייע מעטהאדע, ווי אזוי מען זאל דערקענען די ערשטע סימפטאמע פון דער טובערקולאזע־קראנקהייט. אזוי אז עס וועט לייכט זיין די קראנקהייט צו היילען, נאך איידער זי בריימעט זיך אויס.

די נייע מעטהאדע, איבער וועלכער דר. מארמארעק האט פאר קורצער צייט געהאלטען א פארטראג אין דער פאריזער מעדיצינישער אקאדעמיע, האט אין ערצטעקרייזע עררעגט גרויס אויפזעהען און עס איז צו ערווארטען, אז עס וועט אצינד געלונגען, דיעזען געפעהרליכען פיינד פון דער מענשהייט צו מאכען אונשעדליך. די נייע מעטהאדע קען אויך אין דעם קליינסטען לאבאראטאריום דורך יעדען ארצט ווערען אנגעווענדעט.

אונזער היינטיגע אילוסטראציע שטעלט פאר דעם געניאלען ערפינדער דר. מארמארעק אין זיין שטודיער־צימער.

## דער ערשטער רוסישער פרויען־קאנגרעס.

די פרויען־בעוועגונג פערברייטעט זיך זייט יאהרען אין דער גאנצער וועלט. אין אלע לענדער קעמפפען די פרויען פאר זייערע רעכטע. אין מאנכע לענדער האבען זיי שוין פיעל ערריכט. אין פינלאנד געהערען שוין פרויען אלס מיטגליעדער פון לאנדטאג, אין אנדערע לענדער זענען זיי שוין ערצטע, אדוואקאטען און מיט דער צייט וועלען די פרויען איבעראל ערריכען זייער גלייכבערעכטיגונג.

פאר קורצעם איז אין פעטערסבורג אבגעהאלטען געווארען דער ערשטער רוסישער פרויען־קאנגרעס. איבער 1000 פרויענדעלעגירטע פון פוילען, ליטא, פינלאנד, ארמעניען, קאווקאז, סיביריען, גרויס־ און קליין רוסלאנד זענען דארט געווען פערטרעטען. דער קאנגרעס האט זיך נישט בעפאסט מיט פאליטישע פראגען, נאר מיט דער ארגאניזאציע פון די רוסישע פרויען. איינבערופערין איז געווען די בעקאנטע פיהרערין פון דער פרויען־בעוועגונג, דאקטארין דער פילאזאפיע אננא ניקאלאיעוונא שאבאנאווא. דער קאנגרעס האט בעקומען פון אלע לענדער בעגריסונגען און גראטולאציעס.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א אריגינעלע פאטאגראפישע אויפנאהמע פון א זיצונג פונ׳ם קאנגרעס.

# בריעף פון ווארשא.

ריענסטאג, דען 12 יענער וועט זיך אנהייבען אין ווארשא די אספת־הרבנים וועלכע ווערד אבגעהאלטען מיט בעווילינונג פון דער רעגיערונג. די אספה וועט דויערן עטליכע טעג. אין איהר [illegible] אנטהייל נעהמען די מייסטע רבנים און רביים פון פוילען, אויך עטליכע פון רוסלאנד. מען שמועסט אויך דאפון, אז דער רבי פון בעלז (גאליציען) און א פערט־עטער פונ׳ם ציעשאנאווער (גאליציען) רבי וועלען קומען צו דער אספה.

ווי עס זעהט אויס, וועלען דא די רבי״ס שפיעלען די הויפטראלע, דאנעגען וועלען פיעל פון די פוילישע גרויסע רבנים־גאונים זיך צוריקהאלטען, ווייל זיי זענען נישט איינשטימיג מיט דעם פראגראם פון דער אספה.

דאס פראגראם איז זייער גרויס און דער ארגאניזאציאנס־קאמיטעט וויל איינפיהרען שטארקע ענדערונגען אינ׳ם יודישען לעבען, אמת׳דיגע שנוי־ערכין. ווי ווייט עס וועט דאס דער אספה געלינגען, מוז מען נאטירליך אבווארטען.

די אינטערעסאנטעסטע פונקטען פונ׳ם פראגראם זענען פאלגענדע:

1) יעדער רב פון יעדער שטאדט זאל ווערען אנערקענט פון דער רעגיערונג אלס פארשטעהער פון דער יודישער רעליגיע און זאל האבען דאס רעכט אנצוקלאגען יעדען וואס וועט איהם בעליידיגען מינדליך אדער שריפטליך.

2) די רבנים זאלען האבען דאס רעכט צו בעשטראפען די מחברים און דרוקער פון ספרים און דרוקזאכען, וועלכע זענען שעדליך דעם מוסר אדער דעם יודישקייט.

3) די רבנים זאלען האבען דאס רעכט צו בעשטראפען יעדען יוד פאר אזעלכע מעשים, וועלכע זענען נעגען דעם יודישען דת לויט דעם שלחן־ערוך.

4) די רבנים זאלען האבען א געזעצליכע מאכט אין אלע ענינים פון אסור והיתר, כשר און טרפה. ווער עס פערקויפט טרפה פאר כשר זאל ווערען בעשטראפט אזוי ווי פאר בעטרוג און פאלשקייט.

5) ווער עס וויל ווערען א רב, א שוחט, א מנקר, א מלמד, א לעהרער, מוז האבען סמיכה אדער קבלה פון דריי רבנים וועלכע זיצען צוזאמען, נישט פון יעדען



ערדציטערניש אין איטאליען: די האַפּטשטראַססע אין מעסינא.

בעזונדערע, און דער ארטינער רב האט דאס רעכט, ווי צו קאנטראלירען און צו פסל'ן, אויב זיי פיהרען זיך נישט ווי געהעריג.

6) די רבנים האבען די השגחה אויף די חדרים און זייער סדר־הלמוד.

7) יודישע קינדער, וואס לערנען זיך אויף רבנים, שוחטים מגידים, חזנים, זאלען בעפרייט ווערען פון מיליטער־דיענסט.

8) אלע יודען, וואס האלטען שבת, זאלען בעפרייט ווערען פון צוצוהאלטען זייערע געשעפטען אים זאנטאג.

9) יודען זאלען מעגען שטעלען עירובין אין אלע שטעדט.

10) יודען זאלען ווערען בעפרייט פון צו שטעלען זיך צום געריכט שבת און יום־טוב.

11) שבת און יו״ט צו בעפרייען די יודישע זאלדאטען, אויך זיי צו ערלויבען, צו עסען כשר׳ס, צו טראגען איינענע קליידער אהן שעטנז, צו טראגען ציצית און צו האלטען טלית ותפילין אין זייערע פעקליך.

12) עס זאל געגרינדעט ווערען א רבנים־קאמיטעט אויף גאנץ פוילען, וואס זאלען האבען די השגחה אויף דעם יודישקייט פון דער גאנצער מדינה. דער קאמיטעט וועט גרינדען א צייטונג אלס אפיציעלען ארגאן פון אלע יודישע אינטערעסען און זאל האבען דאס רעכט, צו פערבאטען קויפען אדער פערקויפען צייטונגען און בראשורען, וואס זענען שעדליך פאר דער מאראל און פאר׳ן יודישקייט.

אט דאס זענען די הויפט־פונקטען פון פראגראם. עטליכע פון זיי הענגען נאר אב פון דער רעגיערונג און נישט פון די רבנים. און די אנדערע, אויב זיי וועלען דורכגעפיהרט ווערען, קענען נאר אנמאכען א מחלוקת, א נייע מלחמה צווישען יודען.

* * *

לויט ווי עס הערט זיך, וויל די רעגיערונג איינפיהרען אין די פוילישע גובערניעס די זעלבסטפערוואלטונג פון די שטעדט. די פראגע איז פאר יודען זעהר וויכטיג ווייל מען רעדט דאפון אז פאר יודען וועלען איינגעפיהרט ווערען עהנליכע בעגרעניצונגען, ווי אים איבריגען רוסלאנד. די פוילישע מיטגליעדער פון דער דומא ערקלערען צוואר, אז זיי וועלען נישט זיין דאפיר. מען זאל בעגרעניצען דאס רעכט פון די יודישע בירגער. אבער עס איז בעקאנט, וואס מען קען האלטען פון די הבטחות פון די נאראדאווא־דעמאקראטען. דיזעלבע, וואס האבען בשום אופן נישט געוואלט לאזען וועהלען א יודישען דעפוטאט אין די דומא.

די נאראדאווא־דעמאקראטישע פארטיי וועט זיך איבריגענס, ווי עס זעהט אויס, באלד צערפאלען. דער פרעזידענט דמאווסקי וויל אפילו רעזיגנירען אויף זיין מאנדאט אלס דעפוטאט פון דער דומא.

* * *

א היענע צייטונג האט פאר נישט לאנג געבראכט א רשימה פון דיעניגע פוילישע פאמיליעס, וואס שטאמען אב פון יודען. אינטערעסאנטער וואלט געווען בריינגען א רשימה פון די יודען, וואס האבען לעצטען ווייהנאכט ביי זיך אויפגעשטעלט קריסטבוימער אין זיך געמאכט יום־טוב. די צאהל פון דעם סארט יודען איז ליידער זעהר גרויס און זיי ווילען נאר נישט קלערען, אז דורך אזא מין נאכמאכונג קענען זיי נישט בעקומען קיין כבוד נישט פון יודען און נישט פון קריסטען.

* * *

נאך 43 יאהר האט די פוילישע „איזראעליטא" אויפגעהערט צו ערשיינען. די רעדאקציע איז צוואר מבטיח, אז די אונטערברעכונג איז בלויז א דערווייליגע, און באלד וועט די צייטונג אויפשטעהן תחית־המתים. ווער עס איז אבער בעקאנט מיט די אמת׳דיגע פערהעלטניסע, ווייסט, אז נאך דעם אבלעבען פון ה׳ מ. בערסאן און פון ראבינער דר. צילקאוו, וענען אבגעפאלען די לעצטע שטיצען פון דער „איזראעליטא" און זי האט זיך שוין נישט מעהר געקענט האלטען אויף די פיס און זי וועט שווערליך ווידער אויפלעבען.

דוד פרישמאן קינדיגט אן די ארויסגאבע פון א נייער טעגליכער העברעאישער צייטונג מיט׳ן נאמען „הבוקר". מיר בעגריסען די צייטונג מיט פרייד, צווייפלען אבער, אויב ה׳ פרישמאן, וואס איז געוועהנליך פויל אויף דער פען, וועט האבען דעם לח, צו רעדאקטירען א טעגליכען גרויסען זשורנאל. י—ס.

# פאליטישע נייעס.

די בעמיהונגען פון עסטרייכישען מיניסטער־פרעזידענט באראן ביענערטה, זיין איצטיגעס פראוויזאריש בעאמטען־מיניסטעריום צו פערענדערן אין א שטאביל פארלאמענטארישעס, אין וועלכען עס זאלען זיצען די פערטרעטער פון אלע גרויסע פארטייען, זענען ביז היינט נישט געלונגען. עס איז נישט מעגליך, צו געפונען א וועג, ווי אזוי צו בעפריעדיגען די דייטשען און די טשעכען, און אהן איינער פון דיעזע ביידע גרופען וועט דאס נייע מיניסטעריום זיך נישט קענען האלטען אפילו איין טאג. די אפאזיציאן וועט תיכף אנווענדען די שארפסטע מיטעל. עס איז איבעריגענס מעגליך, אז באראן ביענערטה וועט באלד דעמיסיאנירען, אדער ער וועט זיך אויסקלייבען א שטאביל בעאמטען־מיניסטעריום. אזוי ווי עס איז געוועזען אין עסטרייך יאהרענלאנג ביז צום לעצטען מיניסטעריום בעק.

— אין אונגארן רודערט זיך ווייטער. צוויי פראגען בעשעפטיגען די ראטינע פאליטיקער. די באנק־פראגע און די מיליטערישע פראגע. די אונגארישע אונאבהענגיגקייטס־פארטיי וויל דוקא אצינד האבען איהר איינענע נאציאנאלבאנק, נישט בשותפות מיט עסטרייך די „עסטערייכיש־אונגארישע באנק". די אייגענע אונגארישע באנק זאל ארויסגעבען אייגענע אונגארישע באנקנאטען און דאס קרעדיט־וועזען אין אונגארן זאלען ווערען געפיהרט פון איהר. טענה׳ן אבער די עסטערייכער: מיר קענען דאס בעווילינגען נאר דעמאלט, ווען איהר וועט אונז געבען די גאראנציע, אז מיר וועלען דאדורך נישט ליידען, ד. ה. אז אזוי ווי עסטערייך און אונגארן האבען אבגעשלאסען א צאלל־ און האנדעלסבינדניס ביז צום יאהר 1917 און וועהרענד דער צייט מוז די אונגארישע באנקנאטען האבען אין עסטערייך דעמזעלבען ווערטה ווי אין אונגארן, זאלען די אונגארן געבען די זיכערהייט, אז זייער געלד און זייערע שטאאטס־פאפיערען וועלען טאקי אויך אים אויסלאנד האבען דעמזעלבען ווערטה ווי דאס עסטערייכישע. און דאס איז דוקא נישט זיכער. אדרבה, פיעל אונגארישע פאליטיקער בעהויפטען, אז דער אונגארישער קרעדיט וועט שטארק ליידען אין אויסלאנד און זיי זענען טאקי איבערדעם נעגען די זעלבסטשטענדיגע אונגארישע באנק, אפילו קאסוטה, דער פיהרער פון דער אונאבהענגיגקייטס־פארטיי, איז זיך נישט שטארק מתלהב פאר דער זעלבשטענדיגער באנק, חאטשי ער טאר זיין מיינונג נישט ארויסזאגען אפען, ווייל זיינע אייגענע לייט וואלטען איהם אין חרם געלעגט. די לאגע איז איבערדעם שטארק פערוויקעלט.

נישט וויינינער שווער איז די מיליטערישע פראגע. זייט יאהרען פערלאנגען די אונגארן, עס זאל איינגעפיהרט ווערען אין די אונגארישע רעגימענטער די אונגארישע קאמאנדא־שפראכע. דער קייזער וויל דאס נישט נאכגעבען, ווייל דאס וואלט אין א קריעגספאל געפיהרט צו א מיש־מאש, ווען א טהייל פון מיליטער וועט קאמאנדירט ווערען אויף דייטש און א טהייל אויף אונגאריש. די אונגארן ווילען אבער נישט בעווילינגען קיין שום ערהעהונג פון דעם מיליטערשטאנד, ווען מען וועט זיי נישט נאכגעבען. אצינד, דורך די ערנסטע לאגע אויף דעם באלקאן, שרייען די מיליטערישע קרייזען, אז מען מוז אונבעדינגט דאס מיליטער פערגרעסערן. דער קייזער וויל שוין די אונגארן מאכען געוויסע קאנצעסיעס. זענען אבער די עסטערייכער דאגעגען, און די לאגע האט זיך פערוויקעלט.

עס איז מעגליך, אז וועגען דיעזע פראגען וועט קומען צו א מיניסטער־קריזע אין אונגארן אדער דער רייכסטאג וועט ווערען אויפגעלעזט.

— אין דייטשלאנד רודערט זיך ווייטער. קוים איז שטיל געווארען דער רעש וועגען דעם אינטערוויו פון קאיזער ווילהעלם מיט א ענגלישען רעדאקטאר. אין וועלכען עס זענען געווארען דערצעהלט סודות פנים חדר און עס האט געפיהרט דאצו, אז דער קאיזער האט צוגעזאגט, ער וועט אלע זיינע רעדען צוערשט פארלעגען דעם רייכס־קאנצלער, מאכט זיך אצינד ווידער א יריד. ביים ניי־יאהרס־עמפפאנג פון די דייטשע גענעראלע האט דער קאיזער געהאלטען א פאליטישע רעדע און האט אנגעוויזען אויף א ארטיקעל פון גענעראל שליעפפען אין דער „דייטשער רעוויו". אין וועלכען עס ווערד געשילדערט די איצטיגע מיליטערישע לאגע אין איירופא. דער קאיזער האט דאביי ערקלערט, אז ער איז איינשטימיג מיט דער מיינונג פון גענעראל שליעפפען. אין דעם ארטיקעל קומען אבער אויך פאר עטליכע שטעלען קעגען ענגלאנד און פראנקרייך און די צייטונגען שרייען ווייטער. דער קאיזער האט זיך ארייגעמישט אין פאליטישע פראגען אהן וויסען פונם פעראנטווארטליכען מיניסטער. די אפיציעלע צייטונגען בעהויפטען, דער קאיזער האט זיך בלויז בעפאסט מיט די מיליטערישע פראגען און נישט מיט דעם פאליטישען טהייל פון דעם ארטיקעל. — ווי אזוי די זאך וועט זיך ענדיגען איז יעדענפאלס מערקווירדיג. אז דער קאיזער פון דייטשלאנד טאר אפילו פאר זיינע אייגענע גענעראלע נישט פריי ארויסזאגען זיין מיינונג!

— ווי עס זעהט אויס, וועט דער קאנפליקט צווישען עסטערייך־אונגארן אין דער טירקיי באלד ווערען ערלעדיגט. ווי בעקאנט פאדערט די טירקיי פון עסטערייך געלד־ענטשעדיגונג פאר דעם צונעהמען פון באסניען־הערצעגאווינע. ביז איצט האט עסטערייך־אונגארן דאפון נישט געוואלט הערען, ווייל עס פאסט נישט פאר אזא גרויסען שטאאט, אבצוקויפען פאר געלד א זאך, וואס ער האלט פאר זיין רעכט... אצינד אבער האט מען געפונען א עצה, עסטערייך וויל דער טירקיי בעצאהלען פאר די טירקישע רעגיערונגס־גיטער, פעלדער, בערגווערקע און וועלדער, וועלכע געפונען זיך אין באסניען־הערצעגאווינא. דער ווערטה פון זיי איז אבגעשאצט געווארען אויף 55 מיליאן קראנען. חוץ לזה וויל עסטערייך־אונגארן צושטימען, אז דער צאל אויף אויסלענדישע סחורות אין דער טירקיי זאל ווערען געהעכערט מיט 4 פראצענט. עס איז צו ערווארטען, אז אויף דעם וועג וועט מען דעם סכסוך בעענדיגען און דער גאנצער קאנפליקט וועט אבלויפען בשלום.

— א מערקווירדיגער סכסוך איז אויסגעבראכען אין פראנקרייך צווישען דער רעגיערונג און דעם פארלאמענט. וועהרענד אין אנדערע לענדער פערלאנגט דאס פאלק, אז די טוידט־שטראף זאל ווערען אבגעשאפט און די רעגיערונג וויל נישט — איז אין פראנקרייך פערקעהרט: דער איצטיגער פרעזידענט פאללעיר וויל בשום אופן נישט אונטערשרייבען קיין טוידט־אורטהייל. איבער 30 צום טוידט פערארטהיילטע ווארטען שוין א צייט לאנג אויף זייער פסק און דער פרעזידענט וויל דאס אורטהייל נישט אונטערשרייבען. די רעגיערונג איז אויך איינשטימיג מיט דעם פרעזידענט און זי וויל פארלייגען א געזעץ, די טוידטשטראפע זאל אים גאנצען ווערען אבגעשאפט. דער רוב פון פארלאמענט אבער וויל נישט צושטימען דאצו און זיי פאדערן, דער פרעזידענט זאל ערפילען דאס געזעץ. עס איז מעגליך, אז די רעגיערונג וועט דעמיסיאנירען, ווען עס וועט זיך נישט געפונען א מיטעלוועג, אויסצוגלייכען דעם סכסוך...

— פון אינדיען און פון טיבעט קומען ידיעות, אז די אויפרעגונג קעגען די ענגלישע הערשאפט איז גרויס און מען האט מורא, עס זאל נישט קומען צו א אויפשטאנד קעגען ענגלישען מיליטער.

— דער שאך פון פערזיען האט ווידער ערקלערט, אז די קאנסטיטוציע ווערד לחלוטין אויפגעהויבען, די רעוואלוציע פערברייטעט זיך אים גאנצען לאנד.

— פון כינא קומען ווידער שלעכטע נאכריכטען. מען דערצעהלט נאך, אז דער קירצליך פערשטארבענער קאיזער איז געווארען פערסם׳ט דורך דעם איצטיגען רעגענט פרינץ טשון. דער רעגענט האט אויך אבגעזאגט דעם העכסטען מיניסטער יואנשיקאי פון זיין שטעלע, ווייל ער איז איהם פערדעכטיג אלס פריינד פון רעפארמען. מען האט מורא, עס זאלען נישט ווידער פארקומען פאגראמע נעגען איירופעער ווי אין די צייטען פון באקסער־אויפשטאנד.

# דוד שפירא, דער בעפרייער פון פראג

## היסטארישער ראמאן אויס דער צייט פונ'ם דרייסיגיעהריגען קריעג

בעארבייטעט נאך א. ע. בראכפאגעל.

ערשטעס קאפיטעל.

29 יאהר דויערט שוין דער שרעקליכע, בלוטיגע קריעג, דער לענגסטע און שרעקליכסטע, וואס איז פארגעקומען אין דער וועלטגעשיכטע.

באלד גאנץ דייטשלאנד איז דורך איהם געווארען פערוויסטעט. אים יאהר 1618, ווען דער קריעג האט זיך אנגעהויבען, איז די צאהל פון די איינוואהנער אין דייטשלאנד געווען 23 מיליאן... אים יאהר 1648, ווען ער האט זיך געענדיגט, זענען קוים איבערגעבליבען 5 מיליאן לעבענדיגע מענשען אין דעם גרויסען, ווייטען רייך, דאפון קען מען זעהען, וויפיעל בלוט עס איז דאביי פערגאסען געווארען.

אם מייסטען האט אין אט דעם גרויסען, ווילדען קריעג געליטען פ ר א ג, די הויפטשטאדט פון בעהמען. אין פראג האט זיך דער קריעג אנגעהויבען, דא האט ער זיך געענדיגט. זעכס מאל איז זי אין דיעזע דרייסיג בלוטיגע יאהר געווארען ערטאבערט, צערשטערט און אויסגערויבט, אויף יעדער גאס, אין יעדען הויז זענען צו דערקענען די שפורען פון די פערוויסטונגען, די פיינדליכע קוגלען האבען אין אלע ווינקעליך איבערגעלאזט בלוטיגע זכרונות.

אצינד, אים דרייסיגסטען יאהר, דראהט איהר נאך אמאל א שרעקליכע פערוויסטונג. די פערהאנדלונגען וועגען פריעדען, וועלכע מען האט נאך מיט דריי יאהר צוריק אין אסנאבריק אויפגענומען, האבען קיין גוטען סוף נישט געהאט. די קריעגפיהרענדע פארטייען האבען נאך נישט געוואלט נאכגעבען. יעדער איז געווען איינגעשפארט און פערעקשנט. יעדער האט געהאפט, אז ער וועט אצינד האבען מעהר גליק, ווייל דער געגנער איז שוין מיעד און געשוואכט.

און אזוי האט זיך די קריעגספאקעל צום לעצטען מאל צעפלאמט. דער שוועדישע גענעראל ווראנגעל האט פארינעם יאהר גאנץ בעהמען בעזעצט און פראג איינגענומען; אבער דער קייזערליכע גענעראל גראף מעלאנדער פון האלצאפפעל האט פראג ווידער בעפרייט און די שוועדען ביז צו דער באירישען גרענעץ פערטריבען.

אצינד האבען די שוועדישע גענעראלע ווראנגעל און גראף קעניגסמארק מיט 18 טויזענד מאן ווידער ערעפנעט דעם קאמפף. גענעראל מעלאנדער פון האלצאפפעל האט ערליטען א גרויסע מפלה, זיין ארמעע איז אין גאנצען פערניכטעט געווארען און ער אליין איז געפאלען אין דער שלאכט. די שוועדען האבען אויף דעם אופן ווידער בעהערשט דאס פעלד און פראג האט געדראהט א נייע בעלאגערונג און ערטאבערונג.

די פראגער בעפעלקערונג האט ווידער געציטערט פאר שרעק, אויף די גאסען פון דער שטאדט, היסטארישער בעריהמטער שטאדט האט געהערשט אן'אומעט, א בהלה, מען איז נישט געווען זיכער, וואס עס וועט געשעהן מארגען...

דאס קאיזערליכע מיליטער האט אבער נאך נישט פערלוירען אים גאנצען דעם מוטה. אין דער לעצטער שעה זענען די צערשטערטע פעסטונגסמויערן געווארען אויסגעבעסערט, די איינוואהנער האט מען בעטהיילט מיט וואפפען און צוגעצויגען צו בעוואכען דיעניגע זייטען, דורך וועלכע די שוועדען האבען געוואלט די שטאדט איבערפאלען.

— — — — — — — — — — — — —

עס איז אום יוני 1648, אין א שרעקליך הייסען זומערטאג, געגען מיטאג.

א גרופע מיליטעריש געקליידעטער הערען נעהט פון דער פעסטונגס-מויער אין דער קליין-זייטע צו צום אלטשטעדטער טהורם. זיי זענען פערטיעפט אין אן'ערנסט געשפרעך און אויף זייערע פנים'ער איז צו דערקענען א שטארקע האפנונגסלאזיגקייט און פערצווייפלונג.

דער ערשטער מאן פון דער גרופע, א פארנעהמער עלטערער הערר, איז דער 63-יעהריגער גענעראל גראף רודאלף ק א ל א ר א ד א, דער שטאטהאלטער פון בעהמען און גובערנאטאר פון פראג. נעבען איהם געהען גראף ווראטיסלאוו, דער קאמאנדאנט פון דער פראגער קליין-זייטע, און גראף קלאם-מארטיניץ דער בעפעהלסהאבער פון דעם קעניגליכען שלאס הראדשין. הינטער זיי מארשירען די גענעראלע גראף יאזעף קאלאראדא, רייכסגראף טשערנין, יאנקא פון קינסקי און באראן הארטיק. אלע דיעזע מענער האבען די אויפגאבע, פראג געגען די שוועדען צו פערטהיידיגען און זייער נעכסטע דרעהט זיך ארום די פראגען: „ווען וועלען די שוועדען קומען?“ און: „פון וועלכער זייט וועלען זיי איבערפאלען די שטאדט?“

עטליכע צוואנציג שריט ענטפערנט פון דיעזע פארנעהמע ערעלייטע, די הערען פון פראג, געהט א איינפאך געקליידעטער יונגער מאן; ער האט ברייטע פלייצעס און זיין גאנצער קערפער איז שטארק און קרעפטיג געבויט; אבער זיין קאפ איז אראבגעבויגט און זיינע קליידער בעשמוצט און אבגעריסען, אויף די פלייצעס טראגט ער א קליין לעדערן רענציל און אין דער רעכטער האנד א גרויסען, לאנגען שטעקען.

שוין פון דער ווייט דערקענט מען, אז ער איז א י ו ד. אויף דעם קאפ טראגט ער דאס געלע היטעל, וועלכעס אלע יודען אין בעהמען (ווי אויך אין דייטשלאנד) האבען דעמאלט געמוזט טראגען פאר א שאנדפלעק, כדי יעדער זאל דערקענען, ווער זיי זענען.

דער יונגער מאן געהט פאוואליע און פארזיכטיג. זיין מיעד אויג שפעהט ארום אין אלע זייטען, ווי אימיצער, וואס האט מורא פאר זיין איינגענעם שאטען.

דערזעהענדיג אבער די גענעראלע, הייבט ער אן שנעלער צו געהען און דעררייכט זיי טאקי באלד אין דער מינוט, ווען זיי זענען אנגעקומען צום טויער פון דער אלט-שטאדט און גראף קאלאראדא פערלאנגט, מען זאל עס עפענען.

באראן הארטיק האט צוערשט דעם יוד דערזעהען.

— וואס ווילסטו דא, שמוציגער יוד? — פרעגט ער מיט כעס און פעראכטונג — שטופ דיך נישט צווישען אונז, דו פערשאלטענע בריאה.

— איך וויל דעם געגעדיגען הערר בעטען — ענטפערט דער יוד רוהיג מיט א טיעפער פערבייגונג — מיר צו ערלויבען, איך זאל אריינגעהען אין די אלט-שטאדט. מיר אליין וועלען די וועכטער נישט עפענען דאס טהויער... איך בין א אקסען-סוחר און איך קום אצינד צוריק פון א געשעפטס-רייזע.

— ווי הייסט דו? — פרעגט אצינד גראף טשערנין, זיך אומדרעהענדיג און דערזעהענדיג דעם פרעמדען.

— ד ו ד ש פ י ר א, גנעדיגער הערר — ענטפערט דער יוד — איך בין א זוהן פון רבי שמעון שפירא, דעם רב פון דער אלט-ניי-שול.

— דעם געלעהרטען רבי שמעון'ס זוהן ביזטו? — זאגט גראף קינסקי מיט א גנעדיגען שמייכעל — דו ביזט דער זוהן פון דעם איינציגען יוד, צו וועלכען מען קען האבען פערטרויען. — מיר דאכט זיך, אז איך קען פאר איהם האפטען, הערר גענעראל, — זאגט ער ווייטער צום גראף קאלאראדא — דער יודישער ראבינער שפירא איז א געאכטעטער און אנשטענדיגער מאן, ווי ווייט א יוד קען נאר זיין אנשטענדיג; ער איז אויך גענוג רייך, זיין זוהן אויסצוקויפען. ווען מיר וועלען ענטדעקען, אז ער איז א שפיאן.

— דו ביזט דער זוהן פון א געלעהרטען און האנדעלסט מיט אקסען? — פרעגט גראף טשערנין — שעמען זאלסטו דיך!

— גנעדיגער הערר, מיינע אורעלטערן, אונזערע אבות אברהם און יעקב האבען דאך אויך געפאסעט שאף! — ענטפערט דוד שפירא רוהיג.

— געזונד און שטארק ווי אן אקס ביזטו טאקי: — לאכט גראף קאלאראדא — דו פאסט גוט פאר דיין בערוף. איך וויל דיך, יוד, הייסען אריינלאזען — אבער איידער מיר וועלען דיך לאזען געהען א היים, וועסטו צוערשט אויף דער וואך-שטוב מוזען אבגעבען פראטאקאל, וואס דו האסט געזעהן אויף דעם לאנד, און ווער וועט דיר זיין די וועלט, ווען מיר וועלען דיך פאקען ביי א שווינדעל...

מיט דיעזע ווערטער איז דער גובערנאטאר אריינגעגאנגען אין די אלט-שטאדט דורך א קליין טהירעל און אלע גענעראלע זענען איהם נאך. דוד שפירא האט זיך אויך אריינגעשטופט.

פון דער אינווייניגסטער זייט ביי דער מויער זענען געשטאנען די וועכטער און א מענגע סאלדאטען, וואס האבען געהיט דאס טהויער.

גראף קאלאראדא ווענדעט זיך צום פיהרער פון דער וואך:

האט איהר עפיס נאכריכטען איבער די שוועדען?

— ניין, הערר שטאטהאלטער! — ענטפערט יענער — מען דערצעהלט צוואר פערשיעדענע מעשיות, אבער קיינער ווייסט עפיס זיכער'עס, פון דעם טהורם זעהט מען אויך גאר נישט...

— פערשליעסט דאס טהויער און עפענט עס קיינעם נישט, ביז מיר וועלען אים ראטהויז אבהאלטען די זיצונג — בעפעהלט גראף קאלאראדא — און דו, יוד, קום אין די וואך-שטוב אריין און דערצעהל אונז, פון וואנען דו קומסט און וואס דו האסט איינגעהאנדעלט.

— בערך 800 שטיק אקסען און שאף האב איך געקויפט — ענטפערט דוד שפירא, שטעהענדיג ביי דער טהיר פון דער וואך-שטוב.

— צו וואס? — פרעגט דער שטאטהאלטער.

— צו וואס? — ענטפערט דוד — פאר וואס זאל א קלוגער מענש נישט מאכען א גוט געשעפט? איך בין זיכער, אז עס וועט נישט קומען צום פריעדען און די שוועדען וועלען אונז נאך אמאל איבערפאלען, האב איך מיר געקלערט, עס איז בעסער, דו קויפסט דאס גאנצע פיעה צוזאמען, איידער די שוועדען וועלען עס אוועק רויבען. אין אזוי האב איך צוזאמענגעקויפט. וואס עס איז נאר געווען מעגליך. מיר וועלען עס דאך דא אין פראג בעסער ברויכען, ווי די שוועדען...

— יא, דאס איז שוין רעכט! — זאגט גראף קאלאראדא — אבער פון וואנען האסטו אזוי פיעל בהמות אויפגעטריעבען?... מען דערצעהלט דאך, אז דאס גאנצע לאנד איז פערוויסטעט און פערהונגערט?

— איך האב עס געקויפט אין דערנעהנטען געגענד, וואו די בויערן ציטערן יעדען טאג, די שוועדען זאלען נישט אנקומען... די בויערן פערקויפען אלעס, וואס זיי האבען, ווייל געלד וועלען זיי בעסער קענען בעהאלטען...

— האסטו אויך געקויפט חזירים, דו יודישער הונד? — פרעגט גענעראל קלאם-מארטיניץ — דו פאסט דאך אזוי גוט צו זיי!

די גענעראלע צולאכען זיך איבער דיעזען נארישען וויץ. דוד שפירא פערביסט די ליפען און ענטפערט קאלט:

„ניין, גנעדיגער הערר! מיר דוכט זיך אז עס זענען אין פראג שוין גענוג חזירים פאראנען! — די חזירים אויף דעם לאנד האב איך איבערגעלאזט פאר די שוועדען! זאל איין חזיר דעם צווייטען אויפפרעסען!

— דו ביזט אלזא געווען צווישען די שוועדען? — פרעגט דער שטאטהאלטער — דו ביזט טאקי א וואוילער יונג. האסט מעהר מוטה ווי אלע פיינע יודען! דערצעהל מיר נאר וואס דו האסט דארט געזעהען, וואו שטעהען זיי?

— צווישען די שוועדען בין איך אפילו נישט געווען — ענטפערט דוד — אבער געזעהען און געהערט האב איך פון זיי גענוג... פפאלץ-גראף קארל גוסטאוו שטעהט ביי דער עלבע נעבען אויסיג, קלום, טעפליץ און

רוקס, געוועזן בין איך דארט נישט. אָבער איך האָב עס געהערט פֿון יודישע סוחרים, אַז די שווערדען שטעהען דארט.

— עפּיס דרעהסטו דו מיר מיט דער צונג, פֿער־פֿלוכטער יוד! — שרייט דער שטאטהאַלטער — רעד דייטליכע ווערטער. וואו ביזטו געוועזן און וואס האסטו געזעהען! מיר וועלען דא מיט דיר נישט פֿערבּ־ענגען דעם גאנצען טאָג!

— גנעדיגער העדר! — ענפֿערט דוד שפּירא — איך בין קיין זאָלדאט און קען נישט אבגעבען ראפּארט ווי א גענעראל. ווען די העררען ווילען אלסדינג וויסען, מוזען זיי מיך לאָזען דערצעהלען, אַזוי ווי איך קען... איך האָב מיר געקלערט: גענעראל קעניגסמארק אין ענגער האט חשק צו פּראַג; דער פּפאַלץ־גראַף קאַרל גוסטאַוו וועט זיך נישט ריהרען, ווען ער וועט נישט מוזען; קעניגסמארק קען אבער קיין פּראַג נישט קומען איבער קאַאָרען און פּאסטעלבערג, ווייל אַלע בריקען אויף די ריזען וועג זענען פֿערבּרענט. פֿון דרום־זייט איבער פּילזען און ווערוין קענען די שווערדען אויך נישט קומען, ווייל אויך דאָ איז קיין איינציגע בריק געבליבען גאנץ. איבער דעם וועלען זיי אונז בוודאי איבערפֿאלען איבער לובענץ און האַאשעין — דאס איז דער איינציגער וועג, אויף וועלכען זיי קענען שנעל קומען ביז קיין פּראַג... און איבער דעם האָב איך אט דיעזע געגענד אויפֿגעזוכט און דאָרט ביי די כּויערן אין די וועלדער אלע בהמות געקויפֿט, כּדי די שווערדען זאלען מוזען אויסשטרעקען די צונג, ווען זיי וועלען קומען...

די גענעראַלע קוקען אויף דעם יודישען אקסען־סוחר מיט פֿערוואונדערונג.

— דו רעדסט טאַקי ווי א גענעראל; עס זעהט אויס, גלייך דו וואלסט טאַקי געקענט דעם קריעגס־פּלאַן פֿון די שווערדען! — זאגט דער שטאטהאלטער פֿון וואַנען קענסטו אַזוי גוט דאס לאַנד און די וועגען?

דוד שפּירא לאַכט.

— ווען מען וואנדערט אַזוי יאהרעלאַנג אַרום אין דער געגענד — ענטפֿערט ער — קען מען יעדען ווינקעל. פֿאַר עטליכע יאהר האט מיך מיין פֿאטער געשיקט קיין פֿראַנקרייך צו אונזערע קרובים, אויף דעם וועג צוריק אַ היים האבען מיך די שווערדען אין באַיערן געפּאַקט און איך האב געמוזט צוויי יאהר ביי זיי דיענען פֿאַר אַ קנעכט, ווען נישט וואלטען זיי מיך אויפֿגעהאַנגען. איבער דעם בין איך מיט די שווערדען און מיט דעם מאַרשירען גוט בעקאַנט.

— אַלזאָ, דו ווייסט זיכער, אַז די שווערדען וועלען אנפֿאַלען אויף פּראַג פֿון דער הראַדשין־זייט? — פֿרעגט דער שטאטהאַלטער.

— מיר דאַכט זיך, אַז אַזוי וועט עס זיין — ענפֿערט דוד — ווייל פֿון דער קליינזייטע קענען זיי אַם לייכסטען אנקומען... דערווייל שטעהען זיי נישט ווייט פֿון דער בּזכלוי, וואו זיי האבען אַלע דערפֿער אויסגערויבט און פֿערברענט, די איינוואוהנער, וואס זענען נאך געבליעבען לעבען, אנטלויפֿען מיט'ן לעצטען העמד אויף זיך.

— האסטו אליין די שווערדען געזעהן געבען בּזכלוי? — פֿרעגט דער שטאטהאַלטער.

— מיט מיינע איינענע אויגען, גנעדיגסטער העדר! — ענפֿערט דוד.

— פֿאַר וואס קלערסטו אַז די שווערדען וועלען דאס מאל אונז איבערפֿאלען פֿון דער הראדשין־זייט, און נישט פֿון דער אַלט־שטאדט־זייט, אַזוי ווי פֿאַר א יאָהרען? — פֿרעגט ווייטער דער שטאטהאַלטער — די הראדשין־זייט איז דאך אַם שטארקסטען בעפֿעסטיגט.

— פֿאַר אַ יאָהרען איז געוועזן עפּיס אַנדערש — ענפֿערט דוד — דעמאָלט זענען די שווערדען געקומען פֿון שלעזיען, זיי האבען נאר געדאַרפֿט איבערפֿאַלען דאס קאָרן־טהויער, זענען זיי שוין געוועזן אין שטאדט, היינט אָבער שטעהען זיי געבען עגער און וועלען מוזען מאַכען אַ גרויסען וועג, צוצוקומען צו דער אַלט־שטאדט. איבער־דעם בין איך זיכער, אַז זיי וועלען איבערפֿאַלען די הראַדשין־זייט און טראַכטען, אַריינצוקומען איבער דער שטיין־בריק... אוי, זענען זיי, די שווערדען, וואוילע יונגען!

— דו פֿלוידערסט נאַרישקייטען! — לאַכט גראַף טשערנין — דו רעדסט ווי אַ גענעראַל, האטשי יעדער וואָלט געמיינט, אַז אין דיר שטעקט ליעבער די נשמה פֿון אַ חזיר, ווי פֿון אַ זאלדאַט...

דוד שפּירא פֿיהלט זיך פֿון דיעזען נאַרישען וויטץ שטאַרק געקרענקט. אבער די דעמילדיגע יודען זענען שוין געוואוהנט געוועזן, די פּריצים זאלען זיי סעקירען. ער האלט זיך איין און ענפֿערט קאַלט: "יעדער מענש ווייסט ביי זיך, וואס פֿאַר אַ נשמה ער אַליין האט. אָבער וואס עס טהוט זיך אין אַן'אַנדערנס נשמה קען ער נישט וויסען"...

דעם שטאַטהאַלטער האָבען שפּיראַ'ס ערצעהלונגען אַזוי אינטערעסירט, אַז ער איז ביינו געוואָרען ראַייבער וואס די גענעראַלע מאַכען חוזק פֿון דעם יוד. ער אונטער־בּריכט דאס געשפּרעך און פֿרעגט:

— וואו האסטו די געקויפֿטע בהמות איבערגע־לאָזט?

— איך האב זיי בעהאַלטען אין וואַלד, געבען דעם פּלוס. אונזער שוחט רבי אליי׳ און מיין דיענער יואל היטען זיי דאָרט. איך בין אַליין געקומען אהער, צו בעטען דעם גנעדיגען שטאַטהאלטער, מיר צו געבען אַ פּאַסיער־שיין, כּדי איך זאל קענען די בהמות אַריינברענגען אין שטאדט אַריין, דורך דעם אָקסען־טהויער.

— דו ביזט אַ נאַדר! — זאגט דער שטאַט־האַלטער — צו וואס זאלסטו די בהמות פֿיהרען ביז צום אָקסען־טהויער, ווען דו קענסט זיי דאך אַריינפֿיהרען אט דאָ, דורך דער שטיינבריק.

— גנעדיגער העדר! — ענפֿערט שפּירא — עס איז מעגליך, אַז איך בין אַ גרויסער נאַדר. אָבער מיר יודען האָבען שוין די טבע, צו זיין פֿאָרזיכטיג. איך זאג אייך, די שווערדען ווייסען שוין זיכער, אַז איך האב גע־קויפֿט די בהמות. זיי האָבען איבעראַל שפּיאָנען. ווען איך וועל די בהמות אַריבערפֿיהרען איבער'ן וואסער, האב איך פֿאַר זיי קיין מורא נישט; ווען איך זאל זיי אבער אַריינפֿיהרען דורך דער קליין־זייט, קענען אונז די שווער־דען נאכלויפֿען און מיטקומען אין שטאדט אַריין. איך וויל זיי דאך נישט ווייזען דעם וועג...

די גענעראַלע שאָקלען מיט די קעפּ. עפּיס איז זיי דער יוד צו קלוג...

— נו, גוט — זאגט דער שטאַטהאַלטער — דו ווילסט אַ פּאַסיערשיין. איך וועל איהם דיר געבען, אָבער דו זאלסט די בהמות בּילינ פֿאַרקויפֿען און נישט שאַכערן...

— איך וויל נאָר אַזוי פֿיעל פֿערדיענען, וויפֿיעל מיר קומט — ענפֿערט דוד.

דער שטאַטהאַלטער אונטערשרייבט איהם דעם פּאַסיערשיין און זאגט: "זעה אַז די בהמות זאלען נאך היינט זיין אין שטאדט. ווען די שווערדען וועלען טאַקי קומען, וועלען מיר דאס פֿלייש בעדאַרפֿען".

דער שטאַטהאַלטער און די גענעראַלע ענפֿערנען זיך, זיי געהען צו צום אַלטשטעדטער רינג, וואו עס בעדאַרף אַצינד אבגעהאַלטען ווערען אַ קריעגס־ראַטה.

## צדייטעס קאַפּיטעל.

מיט דעם פּאַסיערשיין אין דער האַנד איז דוד שפּירא שנעל אַרויסגעגאַנגען פֿון דער וואַך־שטוב און זיך געלאָזט מיט שנעלע שריט מאַרשירען צום יודענפֿיערטעל.

ער איז נישט געגאַנגען דעם געוועהנליכען, געראַ־דען וועג דורך די ברייטע גאַסען פֿון דער אַלט־שטאדט, נישט ועלענדיג, אַז די קריסטליכע בעפֿעלקערונג זאל איהם בעווארפֿען מיט שטיינער, ווי עס איז דעמאָלט גע־וועזן דער מנהג, ווען אַ יוד האט זיך געוויזען אין די קריסטליכע גאַסען.

דורך עטליכע שמאלע געסליך האט ער זיך דורכ־געשטופּט ביז צו דער פּינקאַס־גאַס, דער ערשטען אין דעם יודישען פֿיערטעל, וועלכע איז געוועזן פֿערשלאַ־סען מיט אַ בּרייטען, האלצערנעם טהויער. ווען אימיצער האט געוואָלט אין די יודענשטאַרט אַריינקומען, האט ער געמוזט צוערשט רופֿען אַ העבּרעאיש ערקענונגס־צייכען. און דערנאָך איז דאס טהויער געעפֿענט געוואָרען.

אַזוי האבען דעמאָלט די פּראַגער יודען געלעבט אין שרעק און אין פּחד, פֿאַר זייערע היימישע שכנים און פֿאַר דעם פֿרעמדען פֿיינד.

די גאַסען אין דעם יודענפֿיערטעל זענען געוועזן שמאָל און ענג, עס האט אויסגעזעהען, גלייך ווי די רעכער פֿון די הייזער וואָלטען אין דער הויך צוזאַמענגע־קומען, צווישען זיי איז נאר אַ גאַנץ שמאלער שטרייף הימעל געוועזן צו זעהען, די שטראַהלען פֿון דער זון האָ־בען קוים געקענט דורכדרינגען און איבערדעם איז אין די גאַסען תמיד געוועזן האַלב דונקעל. אַזוי אַז אין די גע־וועלבען, צומייסט טרעדעל־געשעפֿטען, האבען אפילו ביי טאָג געברענט ליכט. די גאַסען האט מען קיינמאָל נישט גערייניגט און דאס מיסט איז געלעגען קופּעס־ווייז. פֿאַר די טהירען און פֿענסטער האבען געהאַנגען אַלטע קליידער, געשירע, אייזענוועדק אין דערגלייכען, די לופֿט איז געוועזן שטאַרק געדריקט און האט שיער פֿערשלאָגען דעם אטהעם.

אין דיעזע גאַסען האבען געלעבט טויזענדע יודישע פֿאַמיליעס דורך הונדערטע פֿון יאהרען.

אין איינע פֿון אט דיעזע גאַסען געפֿינט זיך די וועלט־בעריהמטע פּראַגער אַלט־ניי־שול. די עלטסטע שול פֿון פּראַג, לויט אַן'אַלטער איבערליעפֿערונג זאלען די יודען אין פּראַג וואוינען זייט דעם חורבן פֿון דעם בית־שני, און די ערשטע יודען זענען דאָרטען געקומען צוזאַ־מען מיט די רעמישע לעגיאָנען, וועלכע האבען אַ האלבע וועלט עראָבערט. זיי האבען אויך דיעזע אַלטע שיל גע־בויט, וועלכע שטעהט נאך ביז היינט.

דוד שפּירא איז דורך עטליכע זאלכע ענגע, שמוציגע גאַסען געוואַנדערט, אנקומענדיג אין דער ראַבבינער־גאַסע, בלייבט ער שטעהן לעבען איין אַלטען, גרויסען הויז, די פֿענסטער זענען פֿערצוימט מיט אייזערנע גראַטעס, פֿאַר דעם טהויער שטעהט אַ שטיינערנע קאַ'ן אויסגעהאַקט. דוד שפּירא בלייבט דאָ שטעהן עטליכע מינוט, קוקענדיג אהן אויפֿהער אין איינעם פֿון די אויבערשטע פֿענסטער.

פּלוצים בעמערקט ער, ווי די פֿאַרהאַנג פֿונ'ם פֿענסטער ווערד אַראָבגעצויגען. ער זיפֿצט שטאַרק, אַ געוואַלדיגע טרעהר רינט איבער זיין פּנים און טיעף גע־קרענקט געהט ער ווייטער.

באַלד איז ער אין דער היים.

אנקלאַפּענדיג אין טהויער קומט איהם זיין מוטער, שרה, אַקעגען. זי איז גרויס און קרעפֿטיג געבויט, אַ שענע, שטאַרקע פֿרוי. האטשי זי איז שוין איבער 50 יאהר אַלט, איז איהר פּנים נאך פֿריש און פֿערבּיג. אויף דעם קאָפּ טראָגט זי אַ ווייס־זיידען טיכעל אַרומגעוויקעלט, אויף דעם האַלז אַ שווערע גאָלדענע קייט.

— געלויבט איז גאָט, מיין טהייערער זוהן, וואס דו ביזט שוין איבער געקומען — רופֿט זי מיט פֿריידע — אַצינד וועסטו שוין בלייבען אין דער היים.

דוד שפּירא קושט זיין מוטער ביידע הענד און ענפֿערט:

— ניין ליעבע מוטער. איך וואלט שוין גערן גע־בליעבען, אָבער עס געהט נישט. איך מוז באַלד ווידער אַוועקגעהען...

— וואוהין מוזטע דו געהן?

— נישט ווייט, טהייערע מוטער. מאָרגען בין איך שוין ווידער צוריק. איך האב בעקומען פֿונ'ם שטאַט־האַלטער אַ פּאַסיערשיין און וועל אבענדס 800 שטיק פֿיעה אַריינברענגען. בּיליג האב איך זיי געקויפֿט, יעדעס שטיק פֿאַר אַ דוקאַט.

— 800 בהמות! — רופֿט די מוטער — אַזוי פֿיעל! און ווי אַזוי האסטו דיך דורכגעשטופּט צווישען די שווערדען? — וועלען זיי טאַקי אונז ווידער איבערפֿאַלען.

— זיי קומען, זיי וועלען באַלד קומען! — זאגט דוד — איך ווייס אַ וויכטיגען סוד, אָבער איך טאָר איהם נישט אויסזאָגען, ווייל איך וואָג מיט דעם לעבען! איך וועל אָבער נישט שווייגען, ווען עס וועט זיין נויטהיג צו רעדען! איך זאג דיר, מוטער, אויף דער וועלט איז אַלעס שווינדעל און פֿערראַטה. — איז דער ליעבער פֿאָטער אין דער היים?

— ניין, מיין זוהן — ענפֿערט די מוטער — מען האט איהם גערופֿען אויפֿ'ן אַלטשטעדטער ראַטהויז. דאָרט דאַרט ווערד אַצינד אבגעהאַלטען אַ בעראַטהונג פֿון די בירגער. איז ער געגאַנגען מיט'ן פֿאַרשטעהער יואל צמח. אוי, מיר וועלען אַצינד ווידער האבען שווערע צייטען...

— זאָרג נישט, מאַמע, גאָט וועט העלפֿען! — זאָגט דוד — אַצינד אבער בין איך שרעקליך הונגעריג... איך וועל עסען, ביז דער פֿאטער קומט. דערנאָך וועלען מיר הערען נייעס...

(פֿאָרטזעצונג קומט).

# בכל־מכל־כל.

(א וואך פון ערדציטערניש — לופטבאלאנען און איבערקעהרעניש — א נייע פאמפעי — דער געפאנגענער פון רוים — דער קארדינאל און דער יודישער בירגערמייסטער — דער סערבישער קעניג און אפרים גריידינגער — דער צופריעדענע סולטאן — די ענגלענדער האבען מורא — י. ח. ברענער און די גאליצישע שרייבער — קעלט און טאלענט).

**א וואך פון ערדציטערניש.**

אין דער צייט, ווען די מענשען קלערען אויס די פערשיעדענע שפעקולאציעס, ווי אזוי זיי זאלען קענען פליעהען אין די לופטען, ווען צעפעלין, אורייהט, פארוע־וואל או. ז. וו. בעשאפען אלע טאג נייע פלוג־מאשינען און די וועלט מיינט, אט אט, וועלען די מענשען קענען פליעהען ווי די אדלערס אין די לופטען און דערנייכען ביז אין הימעל אריין, ווערען זיי געוואהר אן אלטען־נייעם סוד — אז אפילו די ערד אונטער זייערע פוס איז נישט זיכער. און ווען זיי לייגען זיך שלאפען, קען זיין אז ביז צום אויפשטעהען וועט די ערד מאכען א "קאזיאלעק" און זיי איבערקעהרען קאפ אראב און פוס ארויף... נא־דשע דיר, און נעה זיי א וואוילער יונג!

און די ערד האט טאקי דאסמאל זיך נישט נאריש געמאכט. זי האט זיך געגעבען א טרעסיל, מיט אזא אומפעט, אז מען האט עס געפיהלט אין אלע ווינקעליך און מען פיהלט עס נאך ביז היינט. פאסט א גאנצע מדינה איז דארט חרוב געווארען, הונדערטטויזענדער מענשען זענען דערהרג'עט געווארען, בליהענדע שטעדט זענען געווארען צו קוסעם אש — א חורבן ווי אין סדום ועמורה... די שטעדט וועלען אצינד נישט ווערען ווידער אויפגעבויט; ערשט שפעטער, אין הונדערטער יאהרען וועט מען ענטדעקען א נייע פאמפעי. פראפעסארען (אויב דער סארט בריות וועט נאך דעמאלט עקסיסטירען) וועלען שרייבען גרויסע ביכער, טוריסטען (אויב דאס וועט נאך דעמאלט זיין אין דער מאדע) וועלען פאהרען פון דעם עק־וועלט אנקוקען דיעזע מערקווירדיקייטען און די בראווע סיציליאנער וועלען בעקומען שענע טרינקגעלדער... דען, זעהט איהר, דער מנהג פון טרינקגעלד וועט בוודאי קיינמאל נישט אויפהערען...

דאס ערדציטערניש האט טאקי שוין אצינד משנה געווען סדרי־בראשית. דער פאפסט, דער "געפאנגענער פון רוים", וואס טאר לויט אן אלטער קבלה [illegible] יאהר 1870 זיך נישט ארויס־יהרען פונ'ם וואטיקאן, האט דוקא געוואלט פאהרען קיין מעסינא אין די קארדינאלע, די וואטיקאנישע קאמערילא, האט עס געקאסט גענוג מיה, איהם אבצוהאלטען דערפון, כדי עס זאל דער אלטער מנהג נישט ווערען אויפגעהויבען.

דאגעגען איז געשעהען עפיס אנדער'ש, נישט ווייניגער וויכטיגערס. דעם פאפסט'ס סעקרעטאר, דער קארדינאל מערי־דעל־וואל, איז צוזאמענגעקומען מיט דעם בירגערמייסטער פון רוים. און דאס איז קיין קלייניגקייט נישט! זייט אייך משער: דער בירגערמייסטער פון רוים איז שטארק נישט כשר, סטייטש בירגערמייסטער פון דער שטאדט, אין וועלכער דער פאפסט זיצט אין א־עסט... דער צו נאך איז סיגנאר נאטאן א פריימוירער, דער פרעזידענט פון די איטאליענישע פריימוירער, און דריטענס איז ער נאך א יוד דערצו... און טראצדעם האט מיט איהם דעם פאפסט'ס סעקרעטער פריינדליך, א טייל זאגען נאר הערצליך פערקעהרט—טאקי באמת נאט'ס וואונדער!

⁂

דאס ערדציטערניש האט געהאט א שטארקע ווירקונג אויך אויף אנאנדערער זייט. דאס קליינטשיקע סערביען און דאס נאך קלענערע מאנטענעגרא האבען דוקא חשק, איינצוצינדען די וועלט — אבער אליין האבען זיי דאך מורא צו נעהן אין פייער אריין; האפען שמייך איז עפיס נישט נוט... זייער האפנונג אויף רוסלאנד האט זיך נאך דער לעצטער רעדע איזוואלסקי'ס ארויסגעוויזען אלס פאלש: רוסלאנד וועט נישט ציעהען דאס שווערד פון זייערטוועגען. די לעצטע שטיצע איז געווען איטאליען. ערשטענס איז קעניג וויקטאר עמאנועל א איידעם פון דעם פירסט פון מאנטענעגרא, און צווייטענס האבען שוין די בראווע איטאליענער פון אייביג אן דעם מנהג, איבערצופאלען עסטערייך דוקא דעמאלט, ווען עס האט צו טהון מיט איין אנדערען שונא, ווייל דעמולט קענען זיי אבלעקען א ביין... און פלוצים קומט נאר א ערדציטערניש און פערשלאגט די איטאליענער דעם קאפ, זיי האבען אזויפיעל מיט זיך צוטהון און קענען נישט מעהר קלערען וועגען עסטערייך...

דאס איז א ביטערע מעשה! און די סערבען הוזשען און בריקען ווי די ווילדע חיות! דער אונערשראקענע העלד פרינץ געארג שטעלט משקה פאר די אפיצירע (דעם שענקער בעצאהלט ער לעת־עתה מיט וועקסעל) און האלט פייערדיגע רעדעס. אפילו דער מיניסטער מילאוואנאוויטש, וועלכער האט ביז איצט געהאלטען פאר א רודף־שלום, איז געווארען היים־בלוטיג... און טאקי אויך קעניג פעטער צופיהרט זיך א ביסעל די צונג... "איך וועל קעמפפען פאר מיין לאנד, אזוי ווי מיין טאטע און מיין זיידע האבען געטהון". און וועל נעהן דעמונעלבען וועג ווי זיי". איז ער מבטיח מיט התלהבות... אבער עס איז פאהאנען אין סערביען עטליכע אלטע זקנים, וואס געדענקען נאך נוט, ווי זיינע אבות האבען געטהון, בעת־צרה, אין א שלעכטע צייט. זענען זיינע אבות, קארא און אלעקסאנדער אנטלאפען. דער ערשטער האט גענומען דעם וועג איבער זאב־ביעש, דער אנדערע איבער זעמלין — עס איז אצונד די שאלה, וועלכען וועג פעטער וועט נעהמען: זאבריעש אדער זעמלין? — אונז דאכט זיך אבער, אז קעניג פעטער וויל טהון, ווי אפרים גריידינגער: ער איז אמאל געקומען אין א קאלטער ווינטער־נאכט צו א קרעטשמע און האט פערלאנגט, מען זאל איהם [illegible] דעם ארענדאר האט זיך נישט געגלוסט, ארויסצוקריכען פון אונטער די פעדערן און ער האט זיך נישט געאיילט. דערצאיינט שרייט דעמולט אפרים גריידינגער: "עפענט איהר, איז נוט, אויב נישט, וועל איך טהון ווי מיין טאטע האט געטהון!" דער ארענדאר האט מורא בעקומען און שנעל געעפענט. אריינלאזענדיג דעם געפעהרליכען אורח פרעגט ער איהם: "זאגט מיר ר' קרוב, וואס האט אייער טאטע געטהון?" אפרים ענטפערט: "ווען מען האט איהם נישט אריינגעלאזט, איז ער זיך געפאהרען ווייטער!"

עס זעהט אויס, אז אויך קעניג פעטער און זיין זוהן געארג וועלען טהון דאסזעלבע, וועט מען זיי נישט געבען כאסניען, וועלען זיי זיך מוזען בעגעהן אהן דעם!

⁂

אתן ערדציטערניש איז אבגעלויפען די רעוואלוציע אין דער טירקיי. דער סולטאן האט געזעהען, אז חברה וויל א קאנסטיטוציע, האט ער זיי געגעבען און עס איז טאקי וואהל צו איהם. איבער 30 יאהר האט ער געלעבט אין שרעק און אין פחד, מורא געהאט פאר דעם איינענעם שאטען, געזארגט און געדאגה'ט און נישט געהאט קיין רוהיגע מינוט. אצינד ער איז א פרייער פויגעל, פאהרט א־ום פראנק און פריי, האלט רעדעס, עסט צוזאמען מיט די געוועהלטע פון זיין פאלק און לאזט זיי איבער אלע דאגות מיט אלע קאפצעברעכענישען! יענע וואך האט ער זיי איינגעלאדען צו זיך אויף א סעודה, ואחר אכלם ושתם, נאך דעם עסען און טרינקען האט ער זיי געלאזט דאנקען בזה הלשון: "גאט זאל אייך שיצען און בעשערמען, מיינע טרייע און ליעבע פריינד! ערשט אצינד ווייס איך פון א לעבען צו זאגען! ביז איצט האט מיין אבער־קאך געמוזט פערזוכען פאר מיינע אויגען יעדעס עסען, וואס מען האט מיר געבראכט, כדי איך זאל זיין זיכער, אז עס איז דארין נישטא קיין סם... אצינד איז דאס שוין נישט נייטהיג... איהר; די געוועהלטע פונ'ם פאלק, בעזארגט דיעזע ארבייט, מיט אייך אין איינעם שמעקט מיר אלעס זעהר געשמאק, — ביז אצינד האב איך געזארגט און געזארגט, אלעס אליין געטהון, און דאס גאנצע פאלק האט איבער מיך געשימפפט... אצינד לאז איך אייך זארגען, איך טהו קיין האנד אין קאלט וואסער אריין — און מיין פאלק לויבט מיך אז איך בין אן־אמת קאנסטיטוציאנעלער הערשער! הלואי וואלט איך פריהער אזוי קלוג געווען! חבל על דאבדין ולא משתכחין! א שאד די פערלוירענע 30 שווערע, ביטערע יאהרען! — איבערדעם רוף איך מיט'ן גאנצען הארצ'ן און מיט מיין גאנצער נשמה: עס לעבע דאס טירקישע פארלאמענט!"

⁂

אין ציטערניש און אין שרעק לעבען די ענגלענדער. זיי האבען מורא פאר זייער איינענער שיין. שטענדיג חלום'ט זיך זיי, אז דאס דייטשע מיליטער איבערפאלט זייער לאנד און מאכט זיי אויס קאפעלויש־מאכערס. באלד מיט'ן שיף אויף'ן וואסער, באלד דורך טונעלס פון אונטער דעם וואסער, באלד דורך לופט־באלאנס און פלוג־מאשינען קומען די דייטשען און ווערען בעלי־בתים אין גרויס־בריטאניען... א הונגעריגען חלום'ן זיך בעט־לערס" און עס מוז עפיס נישט גאנ'ן נוט זיין מיט די ענגלענדער אז זיי זענען געווארען אזוינע בעלי־פחד... זיי האבען מורא פאר דער דייטשער קאנקורענץ און זוכען זייער געגנער צו פערוויקלען אין א קריעג, כדי זיי זאלען האבען רוה... דאס איז בעקאנטע ענגלישע פאליטיק... דאס איז אויך דער טעם, וואס זיי העצען אזוי שטארק געגען עסטערייך. ערשטענס איז עסטערייך א פערבינדעטער פון דייטשלאנד און צווייטענס איז דער עסטערייכישער האנדעל אין דער טירקיי אויך עפיס ווערטה! עס איז א סוד פאר א גראמאדע, אז דער באיקאט אין דער טירקיי געגען עסטערייך ווערד געפיהרט דורך ענגלאנד... אבער די קלוגע ענגלענדער קענען זיך דאסמאל פענארישען... אז זיי וועלען אויסלערנען די טירקען צו שיצען זייערע אינטערעסען דורך באיקאט, וועלען באלד אויך די טירקען אין אינדיען, עגיפטען או. ז. וו. געוואהר ווערען דעם סוד... און דעמאלט וועט אשר קעניג עדווארד נישט ברויכען פאהרען אין דעם פערהאסטען עסטערייכישען מאריענבאד, ער וועט שוין האבען א ענטפעטונגס־קור אין זיינע אייגענע לענדער...

⁂

א שטיקעל ציטערניש, בתמונת זעיר־אנפין, האט ארויסגערופען י. ח. ברענער צווישען די גאליצישע יודישע שרייבער, ווייל ער לייקענט אין זייער טאלענט... ברענער האט דא קיין נייעס נישט געזאגט, מיר האבען שוין דעם פומון אפט־מאל געהערט און יעדעסמאל דערמאנט ער אונז אין א בעקאנטער אנעקדאטע: א בראדיער יוד האט געהערט דערצעהלען, אז אין רוסלאנד איז פיעל קעלטער ווי אין גאליציען. א האלבע מייל פון בראד נעמט זיך די רוסישע גרעניץ, און כדי זיך צו איבערצייגען, אויב דאס איז אמת, איז ער צוגעגאנגען אין א קאלטען ווינטער־טאג ביז צום גרעניץ־קלאץ און האט אריבערגעשטופט די האנד. ער האט זי אבער תיכף צוריקגעכאפט, שרייענדיג: "אוי איז טאקי דארט פון יענער זייט א מין שרעקליכע קעלט!"

ניין, רבותי, די גרעניץ־קלעצער זענען נישט קיין סימן פאר קעלט און אויך נישט פאר טאלענט!

גאט זאל אונז בעהיטען פאר ערדציטערניש, פאר קריעג און פאר קעלט, און דערווייל האט מיר א

גוטען שבת.

# דער דיכטער.

(פון בולגארישען).

עס האט געבלאזען א צארנדיגער קאלטער ווינד. פון צייט צו צייט האט ער אויפגעטרייסעלט די שויבען פון די פענסטער. האט זיך געריסען דורך די שפאריגעס, האט געבלאזען און געלאשען דעם פלאם פון דער לאמפ, וואס איהר גלאז איז געווען אנגעבראכען אין דער אונטערשטער טהייל.

דער יונגער דיכטער איז געזעסען איינגעוויקעלט אין זיין אלטען מאנטעל, פון וועלכען די ארבעל האבען געהאט ברייט אויפגעעפינטע הארצרייסענדע לעכער אין די עלענבויגענס. און האט מיט גרויס חשק געשריעבען אונטער דעם טאנצענדען פלאם פון דער לאמפ. גאנץ אפט פלעגט ער מיט א פערקנייטשט פנים, ציטערנדיג פאר קעלט, ציהען מיט די אקסלען, — און די קעלט איז וואס ווייטער געווארען אלץ שטארקער.

אין מיטען דער נאכט האט ער געענדיגט זיין געדיכט, און אז די בעגייסטערונג האט איהם אויפגעהערט קינסטליך צו וואַרמען, האט ער ערשט גוט דערפיהלט די קעלט מיט איהר גאנצער פראזאישער אונאנגענעהמ־ליכקייט.

ער האט דורכגעלעזען אמאל צוויי, דריי דאס געדיכט און איז געווען זעהר צופריעדען.

— מארגען, — האט ער געטראכט, — וועט ער עס אפשיקען אין די „מאנאטסשריפט“ און מיט פערגעניגען וועלען זיי עס מסתמא אפדריקען... שוין א זעקס מאנאטען זינד ער שרייבט געדיכטע פאר דיעזען זשורנאל און קיין איינס האט מען איהם נאך ניט צוריק געשיקט... נאר צוליעב וואס אבער ארבייט ער? עס פערשטעהט זיך, אז ניט צוליעב געלד... ער וואלט אבער דאך געוואונשען קויפען זיך א נייע פאר הויזען צו די פייער־טעג... דער לויהן, וואס ער בעקומט אויף זיין פאסטען, קלעקט איהם נאר אויף ניט צו שטארבען אזוי גיך פון הונגער... און דיעזער אלטער פריינד — האט ער גענומען בעטראכטען דעם אלטען מאנטעל — דיעזען ווינטער וועט ער איהם נאך ניט אוועקלאזען. ס'הייסט, דער מאנטעל וואלט איהם שוין יא געלאזט, אבער ער וועט נאך דעם מאנטעל ניט אוועקלאזען...

אויסער געוועהנליך האט דער ווינד אליין געבלאזען.

דער יונגער דיכטער האט פון דאס נייע דורכגעלעזען זיין געדיכט און איז מיט איהם געוועזען צופריעדען.

— מארגען וועל איך עס אליין אפטראגען דעם רעדאקטאר פון דער „מאנאטסשריפט“, — האט ער ווייטער געטראכט, — און וועל מיר זיך בעגריסען מיט דער געלעגענהייט. נאכ'ן דעלעקאט אנווייזען איהם, אז איך ברויך עטוואס געלד צו די פייער־טעג. אמת, ער האט מבטיח געוועזען, מיר צו שענקען די גאנצע ווערק פון נעקראסאוו, וועלכע איך האב מיר אזוי היים געווינשט. אבער איצט ברויך איך נאר געלד... ניט פיעל... נאר אויף צו קויפען זיך הויזען. ער וועט דאס ניט קענען פערשטענדליך מיר אפזאגען... זיין זעקס חדשים, אז איך שרייב געדיכטע פאר זיין צייטונג. ער ווייסט, אז, חאטש די דיכטער לעבען אין די העכערע ספערען פון דער פאנטאזיע, פונדעסטוועגען ברויכען זיי אויך הויזען...

ער האט ווייטער דורכגעלעזען דאס געדיכט און זיך געלייגט שלאפען. ער האט זיך צוגעדעקט ווי א קנויל אונטער דער קאלטער קאלדרע און האט נאך לאנג געהערט דאס וורערן פון דעם קאלטען ווינד...

אין דער פריה האט דער יונגער דיכטער מיט א ציטערנדע הארץ אנגעקלאפט אין טהיר ביים רעדאקטאר.

אין צימער איז געוועזען נאר דער רעדאקטאר אליין. ער איז געזעסען ביי איינעם איבערגעפילטען טיש פון אלערליי ביכער און פאפיערען. ער האט געלעזען די קארעקטור, מיט וועלכער ער איז געוועזען פערנומען און האט גענומען אויסהערען דאס געדיכט, וואס דער יונגער דיכטער האט איהם פארגעלעזען מיט גרויס התלהבות.

— וואונדערבאר, וואונדערבאר! — האט ער א זאג געטהון, ווען דער דיכטער האט געענדיגט. — איך וועל דאס לאזען דרוקען נאך אויף דער ערשטער זייט...

דער דיכטער איז פון פערגעניגען רויט געוואָרען אזש ביז די אויערן. דער רעדאקטאר האט איהם מכבד געווען מיט א פאפיראס און האט ווייטער גערעדט:

— איך מוז אייך בעטען אום ענטשולדיגונג. איהר האט ביז היינט, קאן מען זאגען, ביי אונז מיט געארבייט אהן געצאהלט... איך ווייס, אז איהר וואלט עס אפילו ניט אנגענומען, ווען איך זאל אייך וועלען צאהלען, דען די בעגייסטערונג פערקויפט מען ניט... שטעלט אייך אבער פאר די לאגע פון אונזער ביכער־האנדעל: דער עולם לעזט...; אבער מען צאהלט ניט... איך מאך חובות. אט ביזין האלדז בין איך שוין אין זיי פערזונקען! ווען אפילו דער רעדאקטאר זאל שוין יא וועלען, וועט ער דען אומשטאנד זיין צו צאהלען זיינע מיטארבייטער?

— א, דאס איז אמת... איך האב נאר געוואלט אייך בעטען... — האט אנגעהויבען דער יונגער דיכטער און איז רויט געוואָרען...

— א, איך ווייס, איך ווייס, — האט איהם איבערגעבראכען דער רעדאקטאר — איהר ווילט מיך אודאי בעטען וועגען די דרוק־פעהלער? ביי אונז איז דאס אנ'אונגליק! אונגעבילדעטע זעצער... אט, צום ביישפיעל, אין אייער לעצטען געדיכט... ווי איז דאס דארטען... „דער זינגענדער פינעל“ איז געדרוקט: „דער זינגענדער ביינעל“! דאס זענען פראים!..

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען, האט ווייטער שעהמעוודיג אנגעהויבען דער יונגער דיכטער, ניט וואגענדיג צו קוקען דעם רעדאקטאר גלייך אין די אויגען. און ער האט זיך פערקוקט אויף זיינע הויזען, וואס זענען געהאנגען אויף דער וואנד ביי דער טהיר, — איך...

בעזאנדערס. איהר ווייסט דאך, אין דער צייט פון די פייער־טעג, וועלכע קומען אן...

— איך פערשטעה, איך פערשטעה: איהר ווינשט, איך זאל אייך געבען די ווערק פון נעקראסאוו, וואס איך האב אייך פערשפראכען. איהר זאלט האבען, און וואס צו פערברענגען די פרייע צייט?... איך וועל דאס אייך מיט פערגעניגען שענקען; איך האב זיי נאך אפילו ניט אויפגעשניטען, אזוי בין איך פערווארפען מיט ארבייט. פאר אייך, דיכטער, איז דער עיקר די גייסטיגע שפייז. איך ווייס דאס... איהר אליין נאר זענט נאך ניט אנגעשטעקט מיט דעם גראבען מאטעריאליזם פון אונזער צייט.. אי[illegible] ניט די דיכטער, וואלטען מיר מוזען זיין פערצווייפעלט איבער אונזער צוקונפט. מיר וואלטען פרעמד געבליבען פון די אלע העכערע אידעאלען. איז עס ניט אמת? מארגען וועל איך אייך שיקען נעקראסאוו'ן. אז איהר זאלט האבען אנגענעהמע לעזע־שטאף פאר די פייער־טעג.

דער יונגער דיכטער איז ארויס פונ'ם רעדאקטארס צימער אינגאנצען אבהענגיג. ווען ער האט זיך אויסגענעכטערט פון דעם רעדאקטאר'ס שבחים, איז ער אליין אויף זיך בייז געוואָרען:

— וואס פאר א נאר איך בין, איך האב ניט געהאט דעם מוטה איהם צו זאגען, צוליעב וואס איך בין געקומען! — האט ער מיט כעס געטראכט. — איך וועל שוין בעסער שרייבען איהם א בריעף, אויב ניט — וואס פאר א יום־טוב וועל איך דאס האבען מיט מיינע העסליך אונטען אויסגעריבענע הויזען? איך וועל זיך מוזען דאך בעהאלטען אין דער היים, איך וועל זיך ניט האנגען ווייזען פאר לייטען, ניט אין א קאפע־הויז, ניט אין א טהיי־הויז, ערגעץ ניט. דאס פאפיער אבער שעמט זיך זיך ניט.

אבענד האט דער רעדאקטאר בעקומען פאלגענדען בריעף:

„זעהר געעהרטער ה. רעדאקטאר!“

„איך דענק, אז איך בין פערפליכטעט אייך ווייטער צו דאנקען פאר נעקראסאוו'ן, וואס איהר דאס מיר גראָם־מוטהיג פערשפראכען צו שענקען... איך האב מיר אבער איבערגעלעגט און געפונען, אז דיעזען גרויסען רוסישען דיכטער, — חאטש ער פערדיענט די גרעסטע פערעהרונג פון אלע אידעאלע מענשען, — וועל איך נאך צייט האבען דורכצולעזען אים זומער, נאך נישט דערביי פערליערענדיג. איך ערלויב מיר אבער ארויסזאגען ווייך, וואס איך ברויך צו די יום־טובים — הויזען, במחילה, ברויך איך. איך וועל אייך ניט בעלעסטיגען מיט א ביטע וועגען געלד, וויסענדיג, אז איהר זענט ניט אימשטאנד אונז פאר דער ארבייט צו בעלוינען. נאר אט וואס איך וועל אייך זאגען: ווען איך בין ביי אייך געוועזען, האב איך בעמערקט אויף דער וואנד איינע פאר הויזען נאך מיט גאנ'ץ גוטע אונטענס, וועלכע, איך גלויב, איהר וועט ניט אנטהון אלע אויף איין מאל אים יום־טוב. צו וואלט איהר ניט זיין אזוי גוט מיר שיקען א וועלכע ניט איז פאר הויזען? איך וועל אייך זעהר דאנקבאר זיין און וועל ניט אויפהערען צו בערייכערען אייער זשורנאל מיט מיינע גייסטיגע ארבייט.

„אייער איבערגעבענער ל.“

„פאסטסקריפטום. — ווען איהר האט אויך א וועלכען ניט איז אויבערציהער, וואס איהר ברויכט ניט, — וועל איך זיך אויך ניט ענטזאגען.“ „דער זעלבער“.

דער רעדאקטאר האט פיעל געלאכט, לעזענדיג דיעזען בריעף, נאכהער האט ער זיך א ווייילע פערטראכט, געזעצט זיך צום טיש, גענומען אין דער האנד די פעדער, האט טיעף אויפגעזיפצט און אנגעשריבען פאלגענדען ענטפער זיין ארימען מיטארבייטער:

„ליעבער פריינד!

„עס האט מיר ווירקליך לייד געטהון, לעזענדיג אייער וו. און טרויעריגען בריעף. מיט פערגעניגען וואלט איך אייער וואונש ערפילט. נאר, צו מיין גרעסטען בעדויערן, זענען די הויזען, וואס איהר האט געזעהן ביי מיר אויף דער וואנד, געבארגטע פון אונזער געמיינזאמען פריינד ב.

מיט האכאכטונג ק.“

איבערזעצט דורך מ. ערליך.



# פון נאהנט און פון ווייט.

אין בערלין איז ערנאנט געוואָרען די דאקטארקע רחל הירש צום אסיסטענט פון פריוואטדאצענט ד״ר יורקעלנס. אין דער בערלינער אוניווערזיטעטס־ביבליאטהעק זענען פאראהאנען 10 ווייבליכע בעאמטען און בלויז 3 מענליכע. — אין בייערן האט דער יוסטיצמיניסטער ערלויבט 50 פרויען, וועלכע האבען געענדיגט יוריסטעריי, אויפצוטרעטען אים געריכט אלס פערטהיידיגער אין שטראפזאכען. — אין אקספארד (ענגלאנד) איז צום דעקאן (עלטעסטען) פון דער פארמאצייטישען פאקולטעט געוועהלט געוואָרען א פרוי, מיסס האלאנד ווארען. — מיט דער צייט וועלען די פרויען צוגעלאזט ווערען צו די העכסטע שטעלען.

— אין א לאנדאנער מענאזשעריע האט זיך דיעזע טעג אבגעשפיעלט א געפעהרליכע סצענע. דער דירעקטאר האט אויסגעשריעבען א פרייז פון 800 קראנען פאר דעריעניגער טענצערין, וואס וועט ארומטאנצען 45 מינוט אין א געשלאסענעם וואגאן, אין וועלכען עס זיצט א אפריקאנישער לייב. 457 מיידליך און פרויען האבען זיך געמעלדעט און די שענסטע פון אלע קאנדידאטינען, מיס פארקער, איז געוואָרען געוועהלט צו דעם קונסטשטיק. עס איז איהר אויך גליקליך געלונגען. פולע 45 מינוט האט זי געטאנצט אום דער ווילדער חיה, וועלכע האט זיך אפילו נישט גערירט. נאר גלייכגילטיג בעטראכט די בעוועגונגען פון דער שענער טענצערין.

— די אמעריקאנישע רעגירונג האט געלאזט אנפערטיגען 32 מאטא־באאטע פון א גאנץ נייער קאנסטרוקציע, וועלכע זענען דאצו בעשטימט, אים קריעגפאל אין דער נעהע פון די האפענשטעדט איינצולאזען זעמינען, כדי די פיינדליכע שיפען צו צערשטערען. — איין אנדערער ערפינדער ארבייט אצינד אויס נייע מאטא־באאטע, וועלכע זאלען קענען אזוינע מינען אויפזוכען און מאכען אונשעדליך. — וואס־זשע וועט זיין דער סוף?

— אין נעוו־יארק האט א געפעהרליכער פערברעכער, ארויסקומענדיג פון קרימינאל, זיין איינענע מוטער דערשטאכען און איהר דערנאך אבגעשניטען דעם קאפ. מיט דעם בלוטיגען קאפ אין דער האנד איז ער זיך ארויסגעגאנגען אויף דער גאס, פייפענדיג א לוסטיג ליעדעל. ווען מען האט איהם פערהאפטעט, שטעלט ער זיך פאר משוגע. אבער די פאליציי מיינט, אז ער האט דעם מארד בעגאנגען, כדי צוצונעהמען ביי דער מוטער 70,000 דאלארס, וועלכע זי האט אין דער באנק.

— אין א קליין שטעדטיל אין פראנקרייך האט א 8 יעהריגער קנאבע דערשאסען זיין 10־יעהריגע שוועסטער. אויף דער פראגע, פאר וואס ער האט דאס געטהון, ענטפערט ער: „איך האב זי נישט געקענט לייידען!“

— א סטודענט, מיט'ן נאמען יאזעף ראקע, וואס האט שטודירט אסטראנאמיע אין באן און איז געקומען אויף די חגאות אהיים קיין מאינץ, האט גע'הרג'ט שבת ביינאכט זיין 62־יעהריגען פאטער דעם פארלאמענט־דעפוטאט ניקאלאס ראקע און זיינע דריי שוועסטער, פון 27, 20 און 15 יאהר. ווי עס ווייזט אויס, האט עס דער סטודענט געטהון אין א אנפאל פון שגעון. ער האט נישט ארויסגעוויזען קיין שום סימן פון חרטה און האט געזאגט, אז ער האט געוואלט בעפרייען פון א עול זיין פאטער, וועלכער האט געהאט 18 קינדער.

— א לאנגע צייט האט זיך געצויגען דער שדוך צווישען דער רייכער מיליאנערען־טאכטער מיס עלקינס פון ניו־יארק און דעם הערצאג פאן אברוצען, פון דער קעניגליכער איטאליענישער פאמיליע. זי האט געוואלט ביי איהם קויפען יחוס, אבער דאס קעניגליכע הויז האט א לאנגע צייט נישט געוואלט מסכים זיין צו אזא נישט אריסטאקראטישען שדוך, און דאריבער האבען זיך די אונטערהאנדלונגען געצויגען ביז היינט. איצט האט דער הערצאג זיין כלה אבגעשיקט די תנאים. מיס עלקינס, כדי איהר חתן צו פערגעסען, גיבט זיך איצט איבער צו וואהלטהעטיגע צוועקען, און זי בילדעט זיך אויס אלס קראנקען־ווערטערין.

